Schiller, Friedrich.
Kabale und Liebe.
Yidish, D. Hofshteyn.
[S.l.] :
Ukrmelukhenatsmindfar
lag, [1936].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1896.5

**Schiller, Friedrich, 1759-1805.**
Kabale und Liebe. Yiddish
Intrige un libe / F. Shiler ; Yidish, D. Hofshteyn.
[S.l.] : Ukrmelukhenatsmindfarlag, [1936]
Varying form of title: Kovarstvo ta liubov.
130 p. ; 18 cm. Shul-bibliotek

1. German drama--Translations into Yiddish.—lcsh
I. Hofstein, David, 1889-1952 II. Ukraine

ID : NXYH01-B21221 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /12753

Reduction ratio X 10.0

שול־ביבליאָטעק

פ. שילער

# אינטריגע און ליבע

ייִדיש־ד. האָפשטיין



אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג

פ. שילער

# אינטריגע און ליבע

יידיש — ד. האָפשטיין




אוקרמעלוכענאַצמינדפאַרלאַג

# אינטריגע און ליבע

1783

א בירגערלעכע טראגעדיע אין 5 אקטן


פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער —
ל. מישקאָווסקי. טעכנישער רעדאקטער
אי. בורגאנסקי. קאָרעקטער —
מ. דובינסקי. אָפגעגעבן אין זאַץ 26/III —
1936 י. אונטערגעשריבן צום דרוק 20/IX —
1936 י. באַפולמ. פון הויפּטליט № 950.
שטאָטליט № 7373. 11־טע דרוקעריי אופּ״ט,
בערדיטשעוו. באַשט. 3429. טיראַזש 2000
עקז. 4⅛ דרוק־בויגנ. פּאַפּיר 110×72
50 קג. 1/32. אין 1 פּאַפּיר־בויגן 45 ט. צייכנס
פאַרלאַג E־86.

# די אָנטיילנעמער:

פרעזידענט פאָן־וואַלטער—באַם הויף פון אַ דײַטשישן הערצאָג.

פערדינאַנד—זײַן זון, אַ מאַיאָר.

האָפמאַרשאַל פאָן־קאַלב.

לעדי מילפאָרד—דעם הערצאָגס פאַוואָריטן.

ווורם—הויז־סעקרעטאַר באַם פּרעזידענט.

מילער—שטאָט־מוזיקער, אָדער ווי מע רופט אים אין אייניקע ערטער—קונסט־שפּילער.

זײַן פרוי.

לויזע—זײַן טאָכטער.

סאָפי—אַ קאַמעריסטן באַ דער לעדי.

אַ קאַמערדינער באַם פירשט.

פאַרשיידענע פּערזאָנען.

# ערשטער אַקט

דער צימער באַם מוזיקער

## ערשטע סצענע

מילער שטייט אויף פון זײַן אָרט, שטעלט אַוועק אין אַ זײַט זײַן וויאָ־לאָנטשעל. די פרוי מילער זיצט באַם טיש אין אַ פרימאָרגן־קאָסטיום און טרינקט קאַווע.

מילער. (גייט גיך אַרום איבערן צימער הין און צוריק.) איך זאָג דיר איין מאָל פאַר אַלע מאָל, די זאַך ווערט ערנסט. וועגן דער טאָכטער מײַ־נער און וועגן דעם באַראָן פאַרשפּרייטן זיך מיִעסע קלאַנגען. ס'איז אַ שאַנד פאַר אונדזער הויז. דער פּרעזידענט וועט עס דערשמעקן, און... מיט איין וואָרט, איך וועל אים אַרויסשטעלן, דעם דאָזיקן יונקער.

די פרוי. אָבער דו האָסט דאָך אים ניט פאַרנאַרט צו זיך אין הויז, דו האָסט אים דאָך ניט אָנגעבונדן דײַן טאָכטער.

מילער. ניט פאַרנאַרט צו זיך אין הויז, ניט אָנגעבונדן אים דאָס מיידל? ווער וועט זיך וועלן פאַנאַנדערקלײַבן? צי דען האָב איך ניט צו שאַפן באַ זיך אין הויז? איך האָב באַדאַרפט געווען בעסער היטן מײַן טאָכטער, איך האָב באַדאַרפט געווען דעם מאַיאָר גוט אַרײַנזאָגן אָדער באַלד וועגן אַלץ מעלדן זײַן עקסעלענץ, דעם הער, דעם פאַ־פאַ זײַנעם. פאַרן יונגן באַראָן איז עס אַ שפּילעכל—דאָס איז קלאָר! און אַלע אומגליקן וועלן זיך אויסלאָזן צום פידלער.

די פרוי. (פאַרענדיקט טרינקען די קאַווע.) נאַרישקײַטן! פּוסטע רייד! וואָס וועט מען דיר טון? ווער קאָן דיך באַשולדיקן, און אין וואָס? דו טוסט דײַן זאַך און קלײַבסט זיך די שילער, ווו דו קאָנסט נאָר.

מילער. דו זאָג מיר נאָר איינס—וואָס וועט פונ דעמ אַלעמענ אַרויסקומענ? ער וועט דאָכ ניט הייראַטנ מיט אַ פּראָסט מיידל—וועגנ דעמ איז ניטאָ וואָס צו ריידנ. אונ ער זאָל זי נעמענ אַלס... גאָט מייַנער, פאַרגעב מיר מייַנ זינד! ניינ, אַ דאַנק דיר! אַזאַ מוסיע, ווי אָט דער איז, ווו האָט ער זיכ שוינ ניט געשטופּט, ווו האָט ער זיכ שוינ ניט געריבנ, אומעטומ דערפאָלג געהאַט, זאָל אים דער טייַוול נעמענ! פאַרשטייט זיכ, אַז עס ציט אים אַ נאַש טונ, איינ מאָל פונ ריינע וואַסער פאַרזוכנ. דו זע נאָר, היט זיכ! ווענ דו האָסט אינ יעדער שפּאַרונע פונ וואַנט אַנ אויג, ווענ דו שטייסט, ווי אַ וועכטער, בייַ יעדנ טראָט אירנ,—וועט ער אויכ פאַרדרייענ איר דעמ קאָפּ. דערנאָכ וועט ער איר ווייַזנ אַ פייַג—אונ זייַ מיר געזונט. אונ פאַרנ מיידל איז עס אַ שאַנד אַפנ גאַנצנ לעבנ. אָדער זיצ ביזנ גרויענ צאָפּ, אָדער גיי ווייַטער מיט דעמ זעלבנ וועג... (גיט זיכ מיטנ כויסט אַ קלאַפּ איבערנ שטערנ.) גאָט מייַנער, דערבאַרעמ זיכ!

די פרוי. באַשיצ אונדז, גאָטעניו!

מילער. מע דאַרפ אַליינ ניט זייַנ קיינ נאַר. אַפ וואָס קאָנ ער אויסרעכענענ, דער דאָזיקער פּוסטעפּאַסניק? דאָס מיידל איז אַ שיינע, אַ שלאַנקע, דאָס, וואָס זי וווינט ניט אינ די פּאַלאַצנ, דאָס איז ניט קיינ אומגליק... מיט אייַכ ווייַבער מאַכט מענ דערפונ ניט קיינ ווענז. זאָל נאָר גאָט געבנ אַ שטיקל פּלאַצ אַפ דער ערד. אונ אַבי דער דאָזיקער שאָלטעק וועט באַאַרבעטנ די זאַכ—ע־ע... דעמאָלט וועט אַלצ אַוועקגיינ, ווי בייַ אונדזער ראַדניי*. אָבער איכ באַשולדיק אים ניט. ער איז ניט מער, ווי אַ מענטש. דאָס איז קלאָר.

די פרוי. דו וואָלסט נאָר איבערגעלייענט, ס'אַראַ ווונדער־שיינע צעטעלעכ דער גנעדיקער באַראָנ שרייַבט דייַנ טאָכטער. גאָט מייַנער! פונ די דאָזיקע בריוועלעכ איז דאָכ קלאָר, ווי דער טאָג, אַז אים איז טייַער נאָר איר האַרצ.

מילער. טאַקע אַזוי! דעמ זאַק שלאָגט מענ, אונ דאָס אייזל מיינט מענ. אַכ, דו! ווער ס'וויל זיכ צומ לייַב דערקלייַבנ, דאַרפ נאָר דאָס גוטע האַרצ שיקנ אַ בעט טונ. אונ ווי אַזוי האָב איכ אַליינ עס געטאָנ? זאָלנ זיכ נאָר די הערצער צונויפריידנ, וועלנ זיכ די לייַבער בעמיילע צונויפריידנ. די דינער נעמענ אַ בייַשפּיל פונ דער הערשאַפט. אונ די זילבערנע לעוואָנע שפּילט ענדלעכ די ראָליע פונ אַ קופּלערנ.*

די פרוי. זע נאָר, ס'אַראַ פּרעכטיקע ביכער דער באַראָנ שיקט איר. לויִזע בעט גאָט איבער זיי טאָג ווי נאַכט.

מילער. (פייַפט.) יאָ! בעט גאָט! דו האָסט עס ריכטיק פאַרשטאַנענ! די רויע געזונטע קרעפטיקע זאַפטנ פונ דער נאַטור זייַנענ צו האַרט פאַר דעמ צאַרטנ מאַקאַראָנענעמ מאָגנ פונ זייַנ גנעדיקייַט, ער דאַרפ זיי פריִער קינסטלעכ איבערקאָכנ אינ דער פאַרסאַמטער געהענעמ־קיכ פונ אָט די אַלע מעכאַבדימ. פאַרברענ אָט די מיִעסע ביכער! דאָס מיידל וועט זיכ פאַרדולנ דעמ קאָפּ מיט גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ פאַנטאַזיעס. דאָס בלוט וועט אופבריוזנ, ווי פונ אַ שפּאַנישער פליג, אונ דעמאָלט וועט זי פאַרגעסנ דאָס ביסל קריסטנטומ, וואָס דער פאָטער האָט מיט אַזאַ שווועריקייַט אינ איר אונטערגעהאַלטנ. אינ אויוונ, זאָג איכ דיר, וואַרפ זיי אַרייַנ! דאָס מיידל וועט זיכ אייַנריידנ דער רוחַ ווייסט וואָס. אונ אַז זי וועט זיכ דורכשפּאַצירנ אינ גאַנ־עדנ פונ די ליידיקגייערס, וועט זי ענדלעכ ניט געפינענ דעמ וועג אַהיימ, זי וועט פאַרגעסנ, זי וועט זיכ אָנהייבנ שעמענ מיט איר פאָטער, מיט דעמ פידלער מילער, אונ ענדיקנ וועט זיכ עס דערמיט, וואָס איכ וועל ניט האָבנ קיינ אָרנטלעכנ איידעמ, וואָס וואָלט געקאָנט זייַנ מייַנ פלייַסיקער מיטהעלפער. ניינ, כאַפּט מיכ דער טייַוול! (שפּרינגט אופ אַנ אופגערעגטער.) איכ נעמ זיכ גלייַכ פאַר דער זאַכ, אונ צומ מאַיאָר!.. יאָ, איכ וועל ווייַזנ דעמ מאַיאָר, מיט וועמענ ער האָט צו טונ. (ער וויל גיינ.)

די פרוי. פאַרליר נאָר ניט דעמ פאַרשטאַנד, מילער! וויפל באַטרעפנ נאָר די מאַטאָנעס אַליינ!

מילער. (קערט זיכ אומ אונ שטעלט זיכ נעבנ איר.) ס'איז מייַנ טאָכטערס בלוט! גיי צו אַלדע רוכעס! גיכער וועל איכ זיכ לאָזנ גיינ אינ די הייַזער מיטנ פידל אונ וועל געבנ קאָנצערטנ פאַר אַ שיסל געקעכצ, גיכער

* אַ באַרימטער ענגלישער יאַמ־העלד. דאָ אַ נאָמענ פונ אַ הונט.

* קופּלערנ—צונויפירערנ (сводня).

וועל איכ מייַנ וויִאָלאָנטשעל צעבּרעכנ און וועל אָנהייבנ פירנ מיסט, איידער כ׳וועל זיכ צורירנ צום געלט, פאר וועלכנ מייַנ איינציק קינד וועט פארקויפנ איר נעשאָמע און די אייבּיקע רו. ווארפ אוועק דייַנ פארפלוכטנ קאָפּע און הער אופ שמעקנ טאבּאק, וועסטו פארשפּאָרנ דייַנ טאָכטערס געזיכט אפנ מארק פארקויפנ. איכ האָב זאט געגעסנ און שטענדיק געטראָגנ א גוט העמד, בּיז ס׳האָט זיכ צו מיר אינ הויז ניט פארקליבּנ אָט דער פראנט.

די פרוי. וואָס מאכסטו אזא טומל? זע נאָר, ווי ער האָט זיכ עס אָנגעצונדנ! איכ זאָג אָט וואָס—מיר דארפנ זיכ נישט ווארפנ מיטנ מאיאָר: ער איז דאָכ דעם פּרעזידענטס זונ.

מילער. אָט וואָס! איז טאקע נאָר דערפאר, און טאקע נאָר דערפאר דארפ מענ נאָכ הייַנט מאכנ א סאָפ דערצו. דער פּרעזידענט וועט מיר נאָכ זאָגנ א דאנק, אויבּ ער איז אנ אָרנטלעכער פאָטער... רייניק נאָר מיר אויס דעם רויטנ פליסענעם ראָק: איכ וועל אוועקגיינ צו זייַנ עקסעלענצ. איכ וועל אים זאָגנ: „אייַער עקסעלענצ, דעם זונ אייַערנ געפעלט מייַנ טאָכטער, נאָר אלס ווייַבּ טויג זי אים ניט”. און בּאסטא! ניט אומזיסט הייס איכ מילער!

## צווייטע סצענע

די פרוידיקע. דער סעקרעטאר וווּרם.

די פרוי. הא, א גוט מאָרגנ אייַכ, הער סעקרעטאר! * ענדלעכ האָבּנ מיר ווידער דעם פארגעניגנ...

וווּרם. הערט אופ, טייַערינקע! אז דער הויכער אדל איז צו אייַכ אזוי גוט, איז וואָס פאר א פארגעניגנ קאָנ מענ שוינ האָבּנ פונ אונדז, געוויינלעכע בּירגער?

די פרוי. נו, וואָס זאָגט איר! ס׳איז ריכטיק, אז דער הער מאיאָר פאָנ־וואלטער כּוט אונדז אמאָל אָנ דעם פארגעניגנ מיט זייַנ הוי-

---

* די אומגעבּילדעטע פרוי קאָנ ניט ריכטיק ארויסריידנ די פרעמדווערטער.



כער מילדקייַט. נאָר דאָס הייסט נישט, אז מיר פארמינערנ די ווערט פונ אנדערע מענטשנ.

מילער. (מיט פארדרוס) א פּאָטעל דערלאנג, ווייַבּ. לייגט אוועק אייַער הוט, ליבּער לאנדסמאנ הער וווּרם.

וווּרם. (לייגט אוועק דעם הוט און דעם שטעקנ און זעצט זיכ אוועק.) נו, וואָס מאכט מייַנ צוקונפטיקע—אָדער געוועזענע? איכ האָפּ... איכ וועל זי זענ דאָכ—די מאמזעל לויִזע?

די פרוי. איכ דאנק אייַכ זייער, וואָס איר פארגעסט זי ניט, הער סעקרעטאר! מייַנ טאָכטער האלט זיכ גאָר ניט גרויס.

מילער. (גיט בּייז א שטויס זי אינ א זייַט.) דו!

די פרוי. א שאָד, וואָס זי קאָנ זיכ ניט זענ מיט אייַכ. זי איז בּא דער בּאטאָגעדיקער גאָטעסדינסט.

וווּרם. זייער אנגענעם! זייער אנגענעם! איכ וועל, הייסט עס, האָבּנ א פרומע, גאָטספאָרכטיקע פרוי.

די פרוי. (שמייכלט, מיט א נארישנ שטאָלצ.) יאָ... אָבּער... הער סעקרעטאר.

מילער. (מע זעט, אז ער איז אינ פארלעגנהייַט, ער ציט די פרוי פארנ אויער.) דו!

די פרוי. אויבּ מיר קאָנענ אייַכ דינענ מיט עפּעס אנדערש, הער סעקרעטאר—איז מיטנ פולנ פארגעניגנ.

וווּרם (זשמורעט כיטרע מיט די אויגנ.) מיט וואָס אנדערש? א גרויסנ דאנק אייַכ! א גרויסנ דאנק! המ! המ! המ!

די פרוי. פארשטייט זיכ, הער סעקרעטאר, גיט אליינ א קלער...

מילער. (אויסער זיכ פונ פארדרוס. ער שטופּט די פרוי פונ הינטנ.) דו!

די פרוי. גוט איז גוט, בּעסער איז בּעסער. מיר וועלנ דאָכ ניט צעשטערנ דאָס גליק פונ אונדזער איינציק קינד. (מיט פויערשנ שטאָלצ) איר האָט עס אליינ ריכטיק בּאמערקט, הער סעקרעטאר...

וווּרם. (בּאוועגט זיכ אומרויִק אפנ פּאָטעל, ער קראצט זיכ הינטערנ אויער. ער פאריכט די מאנזשעטנ און דעם זשאבּאָ.) כ׳האָבּ בּאמערקט? דאָס הייסט... יאָ... וואָס ווילט איר דערמיט זאָגנ?

די פרוי. איך... איך האָב נאָר געוואָלט... איך זאָג... (זי הוסט.) אזויווי גאָט וויל, אַז מײַן טאָכטער זאָל טאַקע ווערן אַ גנעדיקע מאַדאַם...

וווּרם. (שפּרינגט אויף פון אָרט.) וואָס זאָגט איר? וואָס אַזוינס?

מילער. זיצט, זיצט, הער סעקרעטאַר! הערט נישט, וואָס די נאַרישע גאַנדז זאָגט! ווער האָט עס אויסגעטראַכט עפּעס אַ גנעדיקע מאַדאַם? ס'אַ אײַזלשע פּלאַפּלערײַ!

די פרוי. דו זידלסט זיך, וויפל דו ווילסט, און איך ווייס מײַנס... און דאָס, וואָס ס'האָט געזאָגט דער הער מאַיאָר, האָט ער געזאָגט...

מילער. (אויסער זיך פון צאָרן, וואַרפט זיך צו דער ווי'אָלאָנטשעל.) דו וועסט אַנשווייגן ווערן? און טאָמער ווילסטו, איך זאָל דיר דעם קאָפּ מיט דער ווי'אָלאָנטשעל צעקלאַפּן? וואָס קאָנסטו וויסן?.. וואָס האָט ער דיר געקאָנט זאָגן?.. הערט ניט די דאָזיקע פּלאַפּלערן, הער ווורם! מאַרש אין קיך! איך האָף, אַז איר האַלט מיך נישט פאַר אַזאַ טיפּעש, וואָס זאָל קאָנען האָבן אַזעלכע אויסזיכטן וועגן דעם מיידל. איך האָף, אַז איר וועט אַזוי ניט טראַכטן וועגן מיר, הער סעקרעטאַר.

וווּרם. און איך האָב עס, דאַכט מיר, ניט פאַרדינט, הער מוזיקמײַסטער. איר זעט דאָך, אַז איך האַלט זיך שטענדיק בײַ מײַן וואָרט. און מײַנע פּלענער וועגן אײַער טאָכטער—דאָס איז אַלצייַנס, ווי אויף פּאַפּיר, דער פּרעזידענט באַצייט זיך צו מיר גוט. און וואָלט איך געוואָלט אַ העכערן אַמט, וואָלט אין קיין פּראָטעקציע קיין אָפּהאַלט ניט געווען. איר זעט דאָך, אַז איך קלער ערנסט וועגן דער מאַמזעל לויזע. סײַדן נאָר עפּעס אַ פּוסטעפּאַסניק, אַן אַדל-מענטשל...

די פרוי. הער סעקרעטאַר, קאָנט איר ניט מיט מער רעספּעקט, דערלויבט אײַך באַמערקן...

מילער. כ'האָב דיר געזאָגט, האַלט ס'מויל! הערט זי ניט, הער ווורם! אַלץ בלײַבט, ווי ס'איז געווען... וואָס איך האָב אײַך געזאָגט פאַראַיאָרן האַרבסט, דאָס זאָג איך אײַך אויך איצטער. איך צווינג



ניסט מײַן טאָכטער. זײַט איר איר צום האַרצן—זייער גוט, זאָל זי שוין טראַכטן, וויאַזוי מיט אײַך גליקלעך צו זײַן. וויל זי ניט—איז נאָך בעסער... ס'איז איר זאַך, האָב איך געוואָלט זאָגן. איר וועט זיך געזעגענען, און מיטן פאָטער וועט איר אויסטרינקען אַ פלעשל. זי דאַרף מיט אײַך לעבן, ניט איך. צוליב אַקשאָנעס וועל איך קיין מאַן, וואָס איז איר ניט צום האַרצן, איר ניט אָנבינדן. צוליב וואָס זאָל איך עס טון, דער נישטגוטער זאָל מיך אויף דער עלטער ניט לאָזן רוען? איך וואָלט קיין לעפל זופּ ניט געקאָנט אַראָפּשלינגען, קיין טראָפּן ווײַן ניט געקאָנט נעמען, איך זאָל ניט אַ טראַכט טון: „דו האָסט אומגעבראַכט דײַן קינד, מערדער!"

די פרוי. און איך וועל אײַך קורץ און קלאָר זאָגן—איך גיב מײַן צושטימונג אַבסאָליוט ניט. מײַן טאָכטער איז געבוירן געוואָרן צוליב עפּעס העכערס, און איך וועל אין אַלע געריכטן לויפן, אויב מײַן מאַן וועט זיך לאָזן אײַנריידן.

מילער. דו ווילסט, איך זאָל דיר צעברעכן הענט און פיס, דו אומדערטרעגלעכע פּלאַפּלערן!

וווּרם. (צו מילערן) דעם פאָטערס וואָרט איז פאַר דער טאָכטער זייער פיל. און מיך, האָף איך, קענט איר זייער גוט, הער מילער!

מילער. צו נ'אַלדע רוכעס! מע דאַרף, אַז לויזע זאָל אײַך קענען. דאָס, וואָס איך, אַן אַלטער נאַר, זע אין אײַך, איז נאָך גאָרניט. איך קאָן אײַך פּינקטלעך פאַנאַנדערקלײַבן, צי איר טויגט פאַר אַן אָרקעסטער... נו, און אַ פרויס האַרץ קאָן אָפּטמאָל פאַרבראַקעווען אַפילע דעם קאַפּעלמײַסטער... נאָר איך מוז אײַך זאָגן, הער ווורם—איך בין דאָך אַ פּאַשעטער און אויפריכטיקער מענטש. פאַר מײַן וואָרט וועט איר מיר ניט שטאַרק דאַנקבאַר זײַן. איך גיב מײַן טאָכטער קיין שום אָנווײַזונג ניט, און הײַראַטן מיט אײַך, הער סעקרעטאַר, וואָלט איך איר אַוודע ניט געראָטן! לאָזט מיך ענדיקן מײַן געדאַנק. אַ געליבטן, וואָס ווענדעט זיך נאָך הילף צום פאָטער, דערלויבט מיר עס זאָגן, גלייב איך קיין קאָפּ ניט. אויב ער איז טאַקע עפּעס ווערט, וואָלט ער זיך ניט רעקאָמענדירט פאַר זײַן געליבטער אויף אַזאַ אַלטמאָדישן אופן.

און אויב ס׳קלעקט אים ניט קיין דרייסטקייט, איז ער פּאָשעט א שרעקעוודיקער האָז. און אזעלכע, ווי לויזע, עקזיסטירן ניט צוליב שרעקעוודיקע האָזן. יאָ, שאדכענען דאַרף מען זיך הינטער דעם פאָטערס פּלייצעס. מע דארף, אז דאָס מיידל זאָל בעסער די עלטערן שיקן צו אלדע רוכעס, איידער זיך וועלן שיידן מיטן געליבטן, אָדער זי זאָל אליין קומען צום פאָטער, פאלן צו זיינע פיס און בעטן, מע זאָל זי אָדער לייגן אין דר׳ערד אריין, אָדער זי אָפּגעבן דעם באשערטן אירן. אָט דאָס הייסט א מאנצבל! דאָס הייסט ליבע! און דער, וואָס קאָן זיך עס ניט דערשלאָגן — איז נעם דעם וועג!

וווּרם. (כאַפּט זיין הוט און די שווערד און לויפט ארויס פון צימער.) איך בין אייך הארציק דאנקבאר, הער מילער!

מילער. (גייט שטיל נאָך אים נאָך.) פּאַרוואָס־זשע באדאנקט איר אונדז? מיר האָבן אייך מיט גאָרנישט ניט מעכאַבעד געווען, הער סעקרעטאר! (ער קערט זיך אום.) ער וויל גאָרנישט הערן — און לויפט, דער דאָזיקער קאנצעליאריסט. דער פוקס ווירקט אף מיר ערגער, ווי ריצנייל. ס׳ארא פארדעכטיקע און העסלעכע באשעפעניש! מיר דוכט, אז אף דער וועלט איז אופגעקומען, ווי עפּעס א מין שמוגל. אָט די שמאָלינקע, כיטרע מייַזישע אייגעלעך זיינע, אָט די געלע האָר, אָט דער סטאָרטשענדיקער קין זיינער... ס׳דוכט זיך, אז די נאטור האָט פון קאס, וואָס זי האָט באשאפן אזא העסלעכקייט, אים א שליידער געטאָן עפּעס אין א ווינקל... ניין! איידער אָפּגעבן מיין טאָכטער אזא אויסוווּרף, זאָל זי בעסער... גאָטעניו, פארגעב מיר מיינע זינד!

די פרוי. (שפּייַט אויס גיפטיק.) או, ס׳ארא הונט דאָס איז! ווארט אויס! מע וועט אים פארשטאָפּן דאָס מויל!

מילער. און דו ביסט עס אריין מיט דיין פארפלוכטן יונקער! דו האָסט עס מיך פון די קיילים ארויסגעבראכט. דו ביסט קיינמאָל ניט אזוי נאריש, ווי דאַן, ווען דו מוזט אומבאַדינגט זיין קלוג. נו, צוליב וואָס האָסטו פריִער אָנגעהויבן פלאַפּלען וועגן א גנעדיקער מאדאם און וועגן דער טאָכטער? האָסט געפונען, מיט וועמען צו ריידן! יענער דאַרף נאָר וועגן עפּעס דערשמעקן, און אפן צווייטן טאָג וועט



שוין דער גאנצער מארק דערפון וויסן. די דאָזיקע מיִעסע באשעפענישן וויסן נאָר איין זאך: זיי גייען פון הויף צו הויף, שמעקן און דערוויסן זיך, וואָס בא וועמען אין קעלער ס׳ליגט, וואָס פאר א קעכער ס׳קאָכט. און זאָל זיך נאָר בא עמעצן פון צונג ארויספרייַען א נאריש וואָרט, איז פרעגט שוין גאָרנישט! — ווייסט שוין וועגן דעם אי דער הערצאָג, אי דער פרעזידענט, און דו קאָנסט שוין וואַרטן אף א געוויטער.

## דריטע סצענע

די פריִערדיקע. ס׳קומט אריין לויזע מילער מיט א בוך אין דער האנט.

לויזע. (לייגט אַוועק דעם בוך, גייט צו צו מילערן, דריקט אים די האנט.) גוט מאָרגן, ליבער פאָטער!

מילער. (ווארעם) אויסגעצייכנט, מיין לויזע! מיך פרייט זייער, וואָס דו געדענקסט אזוי גוט וועגן גאָט אונדזער שעפער. בלייב אים שטענדיק טריי, און זיין האנט וועט דיך אונטערהאלטן.

לויזע. אָ, איך בין א גרויסע זינדיקערן, פאָטער! איז ער געווען דאָ, מוטער?

די פרוי. ווער, מיין קינד?

לויזע. אך, איך האָב פארגעסן, אז אויסער אים זיינען נאָך פאראנען מענטשן... מיין קאָפּ איז אזוי שווער... ער איז דאָ ניט געווען? וואלטער?

מילער. (טרויעריק און ערנסט) איך האָב געמיינט, אז מיין לויזע האָט דעם דאָזיקן נאָמען איבערגעלאָזט אין קלויסטער!

לויזע. (קוקט אף אים א ווייַלע אופמערקזאם.) איך פארשטיי דיך, פאָטער. איך פיל דעם מעסער, וואָס דו שטעכסט אריין אין מיין געוויסן, אָבער ס׳איז שוין צו שפּעט. איך פארמאָג שוין מער קיין פרומקייט ניט, פאָטער! דער הימל און פערדינאנד צערייַסן מיין אָנגעווייטיקט הארץ. און איך האָב מוירע... (נאָך א פאוזע) איך האָב מוירע... אָבער ניין, ליבער פאָטער! צי איז דען ניט בעסער פארן קינסטלער, אז מיר פארגעסן אין אים, ווען מיר קוקן אף זיין בילד? צי דען דארף גאָט ניט מער

צופרידן זײַן, וואָס איך דענק וועגן אים ווייניקער, איידער וועגן זײַן מײַסטער־ווערק?

מילער. (זעצט זיך אוועק אַן אומעטיקער.) אָט דאָס איז עס! דאָס איז די פרוכט פון די אפּיקאָרסישע ביכער!

לויזע. (גייט אומרויִק צו צום פענצטער.) ווו איז ער איצט? די אדעליקע פרײַלנס זעען אים, הערן אים... און איך בין אַן אָרעם, פארגעסן מיידל. (דערשרעקט זיך פאר די אייגענע ווערטער און לאָזט זיך צום פאָטער.) אָבער ניין, ניין! פארגעב מיר, פאָטער. איך באוויין ניט מײַן גורל. איך וויל זייער ווייניק. א ביסל נאָר טראכטן וועגן אים, דאָס קאָסט דאָך גאָרניט. אָ, ווען איך וואָלט געקאָנט מײַן לעבן ארויסטעמען, ווי א שטיל, צארט ווינטעלע, קעדיי דערפרישן זײַן געזיכט! אָ, ווען מײַן בליִענדע יוגנט וואָלט געווען א דופטיקע פיִאלקע, אף וועלכער ער זאָל אָנטרעטן, און איך וואָלט געקאָנט באשיידן שטארבן אונטער זײַנע פיס. אויך דאָס וואָלט פאר מיר געווען גענוג, פאָטער! צי קאָן דען די שטאָלצע גרויס־ארטיקע זון באשטראָפן א פליגעלע, וואָס ווארעמט זיך אין אירע שטראלן?

מילער. (בייגט אָן גערירט דעם קאָפּ אפן הענטל פון שטול, פארדעקט דאָס געזיכט.) הער אויס, לויזע. איך וואָלט מײַן לעצט ביסל לעבן אָפּגעגעבן, דו זאָלסט קיינמאָל ניט האָבן געזען דעם מאיאָר.

לויזע. (דערשראָקן) וואָס זאָגט איר עס? וואָס? ניין, ניט דאָס מיינט איר, מײַן פאָטער! איר ווייסט דען ניט, אז פערדינאנד איז מײַנער — ער איז פאר מיר באשאפן, דער פאָטער פון אלע לעבנדיקע האָט אים באשאפן פון מײַן פרייד וועגן. (זי שטייט פארטראכט.) ווען איך האָב אים דאָס ערשטע מאָל געזען, (לעבעדיקער) איז מיר דאָס בלוט אין פּאָנעם געקומען, דאָס הארץ האָט גענומען פריילעכער קלאפּן, יעדע באוועגונג פון הארצן האָט גערעדט, יעדער אָטעם האָט געשעפּטשעט: „דאָס איז ער!" מײַן הארץ האָט דערקענט דעם באגערטן און האָט באשטעטיקט: „דאָס איז ער!" די גאנצע וועלט האָט זיך אין איינקלאנג צוזאמען מיט מיר געפרייט! און דעמלט — דעמלט איז צום ערשטן מאָל אין מײַן נעשאָמע ליכטיק געוואָרן. טויזנטער יונגע געפילן האָבן ארויסגעשפּראָצט



פון מײַן הארצן, ווי די בלומען פון דער ערד־שויס פרילינג־צײַט. איך האָב די וועלט שוין ניט געזען, און דאָך זע איך איצט, אז זי איז קיינמאָל ניט געווען אזוי וווּנדערבאר־שיין. כ'האָב שוין קיין גאָט ניט געקענט, און דאָך האָב איך אים קיינמאָל אזוי ליב ניט געהאט.

מילער. (לויפט צו צו איר, דריקט זי צו צו דער ברוסט.) לויזע, טײַער... ליב קינד... נעם מײַן אלטן שוואכן קאָפּ... נעם אלץ, אלץ! דעם מאיאָר אָבער — גאָט איז אַן איידעס — קאָן איך דיר ניט געבן. (גייט אָפּ.)

לויזע. איך וויל אים איצט ניט, פאָטער! אָט דאָס טראָפּנדל צײַט — בלויז דער טרוים וועגן פערדינאנדן וועט עס גיריק אײַנשלינגען. איך זאָג זיך אָפּ פון אים אף דער וועלט. אָבער דאן, מוטער, דאן, ווען ס'וועלן פאלן די שטערונגען פון אונטערשייד, דאן, ווען פון אונדז וועט אראָפּפאלן די פארהאסטע שאָלעכץ פון שטאנד — און מענטשן וועלן זײַן נאָר מענטשן — דאן וועל איך מיט זיך ברענגען בלויז מײַן אומשולד. אָבער דער פאָטער פלעג אזוי אָפט זאָגן, אז ווען גאָט וועט קומען, וועלן די שמוק־זאכן און גרויסארטיקע טיטולן ביליק ווערן, און הערצער וועלן שטײַגן אין פרײַז. דעמלט וועל איך רײַך זײַן. טרערן וועלן דאָרט פארעכנט ווערן אלס טריִומפן, און די שיינע געדאנקען — אלס ייִכעס. איך וועל דעמלט זײַן אָנגעזען, מוטער! — מיט וואָס וועט ער זיך דאן קאָנען איבערנעמען פאר זײַן ליב מיידל?

די פרוי. (שפּרינגט אוף.) לויזע! דער מאיאָר! ער איז איבערגעשפּרונגען איבערן פלויט! וווּהין זאָל איך זיך אהינטון?

לויזע. (הייבט אָן ציטערן.) בלײַבט, מוטער!

די פרוי. גאָט מײַנער, וואָס פאר אַן אויסזען בא מיר איז! ס'איז דאָך א ביזאָיען! ווי קאָן איך זיך באווײַזן פאר זײַן גנעדיקײַט! (אָפּ.)

## פערטע סצענע

פערדינאנד פאָן־וואלטער, לויזע.

(ער גייט גיך צו צו איר. זי ווערט בלאס און לאָזט זיך שוואך אראָפּ אף א שטול. א ווײַלע קוקן זיי שווײַגנדיק איינער אפן צווייטן. א פּאוזע.)

פערדינאנד. דו ביסט בלאס, לויזע?

לויִזע. (הייבט זיך אוף און פאַלט אים אַפּן האַלדז.) ס'איז גאָרניט, גאָרניט. ס'איז שוין פאַריבער.

פערדינאַנד. (נעמט איר האַנט און טראָגט זי צו צו די ליפּן.) און מײַן לויִזע האָט מיך נאָך אַלץ ליב? מײַן האַרץ איז הײַנט פּונקט דאָס זעלביקע, ווי נעכטן. און דײַנס? איך בין אַרײַנגעגאַנגען נאָר אַ קוק טון, צי דו ביסט פריילעך, איך זאָל באַלד אַוועקגיין און אויך פריילעך זײַן. און דו ביסט גאָר ניט פריילעך.

לויִזע. איך בין פריילעך, מײַן געליבטער!

פערדינאַנד. זאָג מיר דעם עמעס! דו ביסט ניט פריילעך! פאַר מיר איז דײַן האַרץ פּונקט אַזוי דורכזיכטיק, ווי די קלאָרע וואַסער פון די דאָזיקע בריליאַנטן. (ער ווײַזט אָן אַף זײַן רינג.) קיין איין פּינטל דאָרט קאָן פאַר מיר ניט בלײַבן אומבאַמערקט. קיין איין געדאַנק אַף דעם דאָזיקן געזיכט קאָן פאַר מיר ניט אויסבאַהאַלטן ווערן. וואָס איז מיט דיר? גיכער זאָג! איז העל דער דאָזיקער שפּיגל, איז גאָר קיין וואָלקן אַף דער וועלט ניטאָ! וואָס קימערט דיך?

לויִזע. (קוקט אַ ווײַלע אַף אים שווײַגנדיק און פאַרטראַכט, דערנאָך מיט טרויער.) פערדינאַנד! פערדינאַנד! זאָלסט נאָר וויסן, ווי דײַן שיינע שפּראַך נעמט אויס בײַ דעם פּאָשעטן בירגערלעכן מיידל.

פערדינאַנד. וואָס הייסט עס? (מיט פאַרוווּנדערונג) פּאָשעט מיידל! הער נאָר, ווי קומט עס דיר אַפּן געדאַנק? דו ביסט מײַנע, לויִזע! ווער זאָגט דען דיר, אַז דו זאָלסט נאָך עפּעס זײַן? אָט זעסטו, ווי קאַלט דו באַגעגנסט מיך? מײַן פאַלשע! וואָלסטו געווען פול מיט ליבע צו מיר, וואָלסטו קיין צײַט ניט געהאַט פאַרגלײַכונגען צו מאַכן. ווען איך בין מיט דיר, דאַן ווערט מײַן סייכל צעשמאָלצן אין דײַן בליק, בלײַב איך אַליין, דאַן טרוים איך וועגן דיר. און בײַ דיר לעבט נאָך די קלוג־שאַפט נעבן דער ליבע. שעם זיך! יעדע מינוט, וואָס דו פאַרברענגסט אין קומער, ווערט צוגערויבט בײַ דײַן געליבטן.

לויִזע. (נעמט אים פאַר דער האַנט און שאָקלט מיטן קאָפּ.) דו ווילסט מיך אײַנשלעפערן, פערדינאַנד. דו ווילסט אָפּווענדן מײַן בליק פון דעם דאָזיקן אָפּגרונט, אין וועלכן איך מוז אומבאַדינגט אַרײַנפאַלן. איך קוק



אין דער צוקונפט — די שטים פון רום — דײַנע פּלענער — דײַן פאָטער — מײַן נישטיקײַט... אַלץ זע איך... (דערשרעקט זיך פאַר די אייגענע ווערטער און לאָזט אַרויס זײַן האַנט.) פערדינאַנד! אַ שווערד הענגט איבער דיר און איבער מיר! — מע וועט אונדז צעשיידן!

פערדינאַנד. מע וועט אונדז צעשיידן? (שפּרינגט אויף.) פון וואַנען קומען צו דיר אַזעלכע פאָרגעפילן? לויִזע! מע וועט אונדז צעשיידן? ווער קאָן צערײַסן דעם בונד פון צוויי הערצער? ווער קאָן צעשטערן די טענער פון איין אַקאָרד? יאָ, איך בין אַן אַדלמאַן, זאָל מען מיר אָבער דערווײַזן, אַז מײַן אַדל־שטאַם איז עלטער פון דעם פּלאַן פון דער אייביקײַט, אָדער אַז מײַן הערב איז וויכטיקער פונעם הימלישן שריפט אין די אויגן פון מײַן לויִזע: די דאָזיקע פרוי איז פאַר דעם דאָזיקן מאַן געשאַפן! — יאָ, איך בין דעם פּרעזידענטס זון. איז אַוודאי גוט. וואָס זשע, אַחוץ ליבע, קאָן מיר די קללָעס פאַרזיסן, וועלכע מײַן פאָטער וועט אַרויסרופן דורך דעם, וואָס ער וועט טיל־טעל מאַכן דאָס לאַנד?

לויִזע. אָ, ווי איך שרעק זיך פאַר אים, פאַר דעם דאָזיקן פאָטער?

פערדינאַנד. און איך, איך האָב פאַר גאָרניט קיין מוירע, פאַר גאָרניט, חוץ די גרענעצן פון דײַן ליבע! זאָלן, ווי בערג, צווישן אונדז אויסוואַקסן די שטערונגען, איך וועל איבער זיי, ווי איבער טרעפּ, לויפן אין לויִזעס אָרעמס! די שטורעמס פון פײַנטלעכן שיקזאַל וועלן צעבלאָזן מײַנע געפילן, די געפאַרן וועלן מײַן לויִזע מאַכן נאָך רייצנדער. אַזוי־אַרום קיין וואָרט ניט וועגן שרעק, מײַן ליבע! איך אַליין, איך וועל איבער דיר וואַכן, ווי דער קישעף־דראַקאָן וואַכט איבערן אונטערערדישן אוצר. דו פאַרטרוי זיך מיר, דו דאַרפסט קיין שום היטער, קיין שום מלאָכים ניט. איך וועל זיך שטעלן צווישן דיר און צווישן דעם גורל, איך וועל אַף זיך נעמען יעדע וווּנד, כ'וועל פאַר דיר אָפּהיטן יעדן טראָפּן פון בעכער־פרייד — כ'וועל אים דיר ברענגען אין קאָס פון ליבע. (נעמט זי צערטלעך אַרום.) אין די דאָזיקע אָרעמס זאָל שפּילעוודיק דורך לויִזעס לעבנס־וועג. זאָל דער הימל דיך צוריקנעמען שענער, ווי ער האָט דיך אָפּגעלאָזט אַהער, און זאָל ער, דער הימל, מיט פאַרווונ־

דערונג אנערקענען, אז בלויז די ליבע גיט דער זעל די ענדגילטיקע פאָרמירונג, דעם לעצטן שיינעם שטריך.

לויזע. (שטויסט אים אָפּ אין גרויס אופרעגונג.) גענוג. איך בעט דיך, שווייַג. אָ, ווען דו ווייסט!.. פארלאָז מיך... דו ווייסט ניט, אז דייַנע האָפענונגען באַפאַלן מייַן הארץ, ווי פוריעס, ווי קליפּעס (וויל אוועקגיין.)

פערדינאנד. (לאָזט זי ניט.) לויזע! וואָס איז? וואָס הייסט עס? וואָס איז מיט דיר?

לויזע. איך האָב געהאט פארגעסן די דאָזיקע טרוימען און בין געווען גליקלעך. און איצט... איצט! פון הייַנט אָן — א סאָף צום רו פון מייַן לעבן. ווילדע פארלאנגען — איך ווייס עס — וועלן זידן אין מייַן הארצן... גיי אוועק! זאָל דיר גאָט פארגעבן! דו האָסט אָנגעצונדן א פייַער אין מייַן יונג פרידלעך הארץ, און קיינמאָל וועט דאָס דאָזיקע פייַער ניט אויסגעלאָשן ווערן. (לויפט שנעל ארויס פון צימער, שווייַגנדיק גייט ער איר נאָך.)

## פינפטע סצענע

א זאל באם פרעזידענט.

ס'קומט אריַין דער פרעזידענט, ער טראָגט אן אָרדען אפן האלדז און א שטערן אפן דער ברוסט. מיט אים דער סעקרעטאר.

פרעזידענט. אן ערנסטע ליבע? מייַן זון? ניין, ווורם, דאָס וועל איך קיינמאָל ניט גלייבן!

ווורם. באַפוילט, אייַער עקסעלענץ, און איך וועל צושטעלן באַווייַזן!

פרעזידענט. דאָס, וואָס ער דרייט דעם קאָפּ א פּאָשעטער בירגערן, מאכט איר קאָמפּלימענטן, פּלוידערט איר וועגן געפילן — דאָס איז אלץ מעגלעך, און לויט מייַן מיינונג, קאָן מען עס לייַכט פארצייַען. אָבער... א טאָכטער פון א מוזיקער, זאָגסטו?

ווורם. די טאָכטער פון מוזיק־מייַסטער מילער.

פרעזידענט. א שיינע? איבריקנס, וועגן דעם פארשפּאָרט מען שוין פרעגן.

ווורם. (לעבעדיק.) דער שענסטער עקזעמפּליאר פון א בלאָנדינקע.



מע קאָן זיכער זאָגן, אז זי וועט ניט פארשעמט ווערן באַנאנד מיט די ערשטע שיינהייַטן פון הויף און וועט נאָך אויסשפּילן.

פרעזידענט. (לאכט.) דו זאָגסט, ווורם, אז דאָס מיידל איז אויך דיר געפעלן? אָבער, זעסטו, מייַן ליבער ווורם, אויב מייַן זון האָט גוטע געפילן צו דעם דאָזיקן מיידל, גיט עס מיר אן האָפענונג, אז דאמען וועלן אים ניט פייַנט האָבן. ער קאָן אין הויף עפּעס דערגרייכן. דאָס מיידל איז שיין, זאָגסטו? דאָס געפעלט מיר, וואָס מייַן זון האָט געשמאַק. פארשפּרעכט ער דעם נארישן מיידל עפּעס ערנסטע צוזאָגן — איז נאָך בעסער! דאָס הייסט, אז ער האָט גענוג סייכל צו דרייען איר דעם קאָפּ. ער קאָן אויך פרעזידענט ווערן. וועט ער דאָס אלץ דערגרייכן — איז אויסגעצייכנט! דאָס וועט הייסן, אז ער האָט גליק! וועט זיך די קאָמעדיע שליסן מיט א געזונט אייניקל — אויסגעצייכנט! דאַן וועל איך פאר די גוטע אויסזיכטן אויסטרינקען אן איבעריקע פלאַש מאלאגע און וועל אין דער פּאָליציי צאָלן אויסהאלט־געלט פאר דער מויד.

ווורם. אלץ, וואָס איך פארלאנג, אייַער עקסעלענץ, איז אז אייַך זאָל ניט אויסקומען טרינקען די דאָזיקע פלאַש צוליב פארווייַלונג.

פרעזידענט. (ערנסט.) ווורם, דערמאַן זיך, אז אויב איך גלייב שוין, גלייב איך ערנסט, און אויב איך בין אין כּעס — דערגייט עס ביז צאָרן. איך וויל מאכן א שפּאַס פון דעם, וואָס דו ווילסט מיך אונטערהעצן. אז דו ווילסט דייַן קעגנער גערן פון האלדז אראָפּשטויסן, אין דעם גלייב איך פון טיפן הארצן. דו זאָלסט אליין מייַן זון פונעם מיידל פארטרייַבן, ביסטו ניט בעקוועם. האָסטו באַשלאָסן דעם פּאָטערס מאכט אויסנוצן, אלס א פליגנטרייַבער. דאָס איז מיר אויך פארשטענדלעך. און דאָס, וואָס דו פארמאָגסט אזעלכע וווּנדערבארע שעלמישע פייִקייַטן, אנטציקט מיך גאָר. אָבער, ליבער ווורם, דו דארפסט דאָך מיך ניט אָפּנארן. דו שפּאַס, וויפל דו ווילסט, פארשטייסטו מיך, אָבער די גרונט־געזעצן מייַנע טשעפּע ניט.

ווורם. פארצייַט מיר, אייַער עקסעלענץ. אויב ס'רעדט אין מיר ווירקלעך, ווי איר מיינט, די אייפערזוכט, רעדט זי ווייניקסטנס מיט די אויגן און ניט מיט דער צונג.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. און איך רעכן, אז דאָס איז אינגאַנצן איבעריק, נאַרישער טײַוול. שווינ־זשע איז דיר ניט אַלצייגס באַקומען דעם גאָלד־שטיק דירעקט פון מינצ־הויף אָדער פונעם באַנקיר? דו נעם אַ בײַש־פּיל פונעם היגן אַדלטום. צי מיט זייער וויסן, צי ניין, אָבער זעלטן ווען בײַ אונדז קומען פאָר הײַראַטן, ווען ווייניקסטנס אַ האַלבער טוץ געסט אָדער דינער זאָלן ניט קאָנען געאָמעטריש אויסמעסטן דעם כאָסנס גאַניידן.

וו ו ר ם. (פאַרנייגט זיך.) אין דעם פאַל וואָלט מיר אַנגענעמער געווען בלײַבן אַ פּאָשעטער בירגער, אײַער עקסעלענץ!

פ ר ע ז י ד ע נ ט. כוץ דעם קאָנסט אינגיכן האָבן דעם פאַרגעניגן אַפן שענסטן אויפן אָפּצאָלן דײַן קעגנער. בײַ מיר אין קאַבינעט ליגט איצט דער באַפעל, לויט וועלכן די לעדי מילפאָרד מוז קלוימערשט באַקומען אָפּשייד, ווײַל עס איז געקומען אַ נײַע הערצאָגיניע, און קעדיי דערגאַנצן דעם גאַנצן ליגן, דאַרף זי הײַראַטן. דו ווייסט, ווורם, אַף וויפל מײַן לאַגע שטיצט זיך אַף דער ווירקונג פון דער לעדי און ווי איבערהויפּט די וויכטיקסטע פּרוזשינעס פון מײַן טעטיקײַט זײַנען אָפּ־הענגיק פונעם הערצאָגס ליידנשאַפטן. דער הערצאָג זוכט אַ פּאַרטיע פאַר דער לעדי מילפאָרד. עס קאָן זיך געפינען עמעצער, וואָס וועט דאָס געשעפט שליסן און צוזאַמען מיטן הערצאָגס געליבטער דערווערבן אויך זײַן צוטרוי און ווערן פאַר אים אַ נייטיקער מענטש. קעדיי דער הערצאָג זאָל בלײַבן אין נעץ פון מײַן פאַמיליע, זאָל פערדינאַנד הײַראַטן מיט דער מילפאָרד. איז עס פאַר דיר קלאָר?

וו ו ר ם. אַזוי קלאָר, אַז ס'שטעכט מיר די אויגן. ווייניקסטנס האָט אין דעם פאַל דער פּרעזידענט דערוויזן, אַז דער פאָטער זײַנער איז אין פאַרגלײַך מיט אים גאָר אַ גרינער געווען. ווען דער מאַיאָר וועט זיך אַרויסווײַזן פאַר פונקט אַזאַ געהאָרכזאַמען זון, ווי איר זײַנט אַ צאַרטער פאָטער, קאָן אײַער פאָדערונג באַגעגענען אַ פּראָטעסט.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. צום גליק, האָב איך נאָך קיינמאָל ניט מוירע געהאַט פאַר דעם רעזולטאַט פון אַזעלכע אויפטוען, ווו איך בין אימשטאַנד זאָגן: „אַזוי זאָל עס זײַן!" נאָר זעסטו, ווורם, מיר זײַנען ווידער



געקומען צו דעם זעלבן פונקט. נאָך הײַנט אינדערפרי מעלדע איך מײַן זון וועגן דער הײַראַט, וואָס שטייט אים פאָר. דער אויסדרוק פון זײַן גע־זיכט וועט דײַן כשאַד אָדער באַשטעטיקן, אָדער אינגאַנצן אים צונישט מאַכן.

וו ו ר ם. גנעדיקער הער, איך בעט עס מיר פאַרגעבן! דאָס פינצטערע געזיכט, וואָס איר וועט זיכער זען, קאָן זיך באַציִען צו דער קאַלע, וואָס איר לייגט אים פאָר, פונקט אַזוי ווי צו דער, וואָס איר נעמט בײַ אים צו. דערלויבט אײַך בעטן אים שטרענגער אויספּרוּוון. קלײַבט אויס פאַר אים די לײַטישסטע פרוי אין לאַנד, און אויב ער וועט אײַנ־שטימען, איז פאַרשיקט אײַער סעקרעטאַר אַף דרײַ יאָר אַף קאַטאָרגע.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. (בײַסט די ליפּן.) טײַוול!

וו ו ר ם. אַזוי איז עס. די מוטער אירע, די טיפּשע, האָט מיר פון גוטהאַרציקײַט שוין צופיל אָנגעפּלוידערט.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. (גייט הין און צוריק איבערן צימער, שטיקט אין זיך דעם צאָרן.) גוט! טאַקע הײַנט נאָך.

וו ו ר ם. אָבער פאַרגעסט ניט, אײַער עקסעלענץ, דער מאַיאָר איז דער זון פון מײַן הער.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. דיך וועט מען ניט טשעפּען, ווורם.

וו ו ר ם. און דאָס באַמיִען זיך באַפרײַען אײַך פון אַן אומגעבעטענער שנור...

פ ר ע ז י ד ע נ ט. איז ווערט, מע זאָל דיר העלפן אַ פרוי באַקומען? גוט, ווורם.

וו ו ר ם. (פאַרנייגט זיך מיט אַ צופרידענעם אויסזען.) כ'בין אַף אייביק אײַער, גנעדיקער הער! (וויל גיין.)

פ ר ע ז י ד ע נ ט. געדענק־זשע, ווורם, וואָס כ'האָב דיר פריִער פאַר־טרויט... (דראָענד) אויב דו וועסט צעפּלוידערן...

וו ו ר ם. (לאַכט.) וועט איר, אײַער עקסעלענץ, ווײַזן מײַנע פאַלשע דאָקומענטן. (גייט אַוועק.)

פ ר ע ז י ד ע נ ט. אין דיר בין איך זיכער! איך האַלט דיך אין דײַנע אייגענע שווינדלערײַען, ווי אַ זשוק אַפן פאָדעם!

א ד י נ ע ר. (קומט אַרײַן.) דער האָפּמאַרשאַל פּאַן־קאַלב!

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. פּונקט צו דער רעכטער צײַט. בעט אים, זאָל ער אַרײַנגיין. (דינער אָפּ.)

## זעקסטע סצענע

דער פּרעזידענט. דער האָפּמאַרשאַל פּאַן־קאַלב אין אַ רײַכן, אָבער געשמאַק־לאָזן הויפקלייד טראָגט קאַמערגערישע שליסל, צוויי זייגערס, אַ שווערד און אַ * chapeau bas מיט אַ הוט אונטער דער האַנט. און אַ פריזור a la hèrisson **. ער פליט צו מיט גרויס קוראַזש צום פּרעזידענט און פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן פּאַרטער דעם רייעך פון מוסקוס.

ה אָ פּ מ אַ ר ש אַ ל. (נעמט אַרום דעם פּרעזידענט.) האַ, גוט מאָרגן, מײַן ליבסטער! ווי זײַנט איר געשלאָפן? איר פאַרצײַט מיר, וואָס איך האָב אַזוי שפּעט געהאַט די פאַרגעניגן... דרינגענדע געשעפטן... דאָס שפּײַז־צעטל... וויזיט־בילעטן... דאָס צונויפשטעלן די פּאָרלעך פאַר הײַנטיקן שפּאַציר אַפּ שליטנס... אוף! און דאָ האָב איך נאָך באַדאַרפט בײַזײַן באַם lever *** און מעלדן זײַן הויכגעבוירט וועגן דעם וועטער.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. אָ, מאַרשאַל, איר האָט זיכער ניט געקאָנט זיך אָפּ־רײַסן.

ה אָ פּ מ אַ ר ש אַ ל. כוץ דעם האָט מיך נאָך דער שעלמע, דער שנײַ־דער, געצווונגען וואַרטן.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. און דאָך זײַט איר שוין אָפּגעפּאַרטיקט.

ה אָ פּ מ אַ ר ש אַ ל. דאָס איז נאָך ניט אַלץ. איין אומגליק יאָגט זיך נאָך דעם צווייטן. הערט נאָר אויס.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. (צעשטרײַט) איז עס מעגלעך?

ה אָ פּ מ אַ ר ש אַ ל. הערט נאָר אויס! איך האָב נאָך ניט באַוויזן אַרויס־קריכן פון דער קאַרעטע, האָבן זיך די פערד עפּעס דערשראָקן, זיך

---

* מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ.

** אַ מאָדנע פריזור אין יענער צײַט.

*** אופנאַם באַם הערצאָגס פרימאָרגן־טואַלעט.



אָנגעהויבן רײַסן און קלאַפּן מיט די טלאָען און האָבן מיר, איך בעט מיר פאַרצײַען, פאַרשפּריצט אינגאַנצן די הויזן. וואָס הייבט מען אָן צו טון? אום גאָטעס ווילן, שטעלט זיך פאָר, אַז איר זײַנט אין מײַן לאַגע, באַ־ראָן! איך שטיי. ס'איז שוין שפּעט. ס'איז באַטאָג, און אין אַזאַ אויסזען זיך ווײַזן פאַר זײַן הויכגעבוירט — גאָט דו אַלגערעכטיקער! וואָס־זשע קומט מיר אַפּן געדאַנק? איך מאַך זיך, אַז איך בין אין כאַלאָשעס. מע לייגט מיך אַוועק אין קאַרעטע... איך יאָג זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אַהיים, בײַט איבער די קליידער — און פאָר צוריק. וואָס זאָגט איר דער־רויף? לאָזט זיך אויס, אַז איך בין דער ערשטער אין אופנאַם־צימער. ווי געפעלט עס אײַך?

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. אַן אויסגעצייכנטער עקספּערימענט פון מענטשלעכער טרעפלעכקײַט. אָבער גענוג וועגן דעם, קאַלב. האָט איר שוין גערעדט מיטן הערצאָג?

ה אָ פּ מ אַ ר ש אַ ל. (מיט ווירדע) צוואַנציק מיט אַ האַלבער מינוט.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. אָט וויאַזוי! האָט איר, הייסט עס, אָן צווייפל עפּעס אַ וויכטיקע נײַס.

ה אָ פּ מ אַ ר ש אַ ל. (ערנסט, נאָך אַ ווײַלע שווײַגן.) זײַן הויכגעבוירט טראָגט הײַנט אַ ביבער־פעלץ, וואָס האָט דעם קאָליר פון merde d'oie *.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. דאָס גאָר... ניין, מאַרשאַל, אויב אַזוי, האָב איך פאַר אײַך אַ מער אינטערעסאַנטע נײַס. די לעדי מילפאָרד וועט הײַראַטן מיטן מאַיאָר פאָן־וואַלטער. דאָס איז פאַר אײַך זיכער אַ נײַס?

ה אָ פּ מ אַ ר ש אַ ל. וואָס רעדט איר? איז עס שוין באַשטימט?

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. באַשטימט און אונטערגעשריבן! און איר וועט מיך פאַרפליכטן, אויב איר וועט גלײַך אַוועק צו דער לעדי, צוגרייטן זי צו זײַן וויזיט, און דעם באַשלוס פון מײַן פערדינאַנד פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער רעזידענץ.

ה אָ פּ מ אַ ר ש אַ ל. (אַנטציקט) מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, מײַן ליבער! וואָס קאָן פאַר מיר אַנגענעמער זײַן? איך פלי גלײַך. (נעמט אים אַרום.)

---

* אַ מאָדנער קאָליר פון גענדזן־מיסט.

זײַט געזונט! אין דרײַ פֿערטל שאָ ארום ווייסט דערפֿון די גאנצע שטאָט.
(פֿליט ארויס פֿון צימער.)

פּרעזידענט. (לאכט, קוקט אים נאָך.) מע זאָגט נאָך, אז די דאָזיקע באשעפֿענישן טויגן אַף גאָרניט! איצטער מוז מײַן פֿערדינאנד צושטימען — אניט קומט אויס, די גאנצע שטאָט האָט געזאָגט א ליגן. (קלינגט. ס׳קומט ארײַן וואורם.) זאָל ארײַנקומען מײַן זון! (וואורם גייט אוועק. דער פּרעזידענט שפּאנט פֿארטראכטערהייט הין און צוריק איבערן צימער.)

## זיבעטע סצענע

דער פּרעזידענט, פֿערדינאנד, סעקרעטאר וואורם. וואורם גייט באלד אוועק.

פֿערדינאנד. איר האָט באפֿוילן, פֿאָטער...

פּרעזידענט. צום באדויערן, מוז איך באפֿוילן דאן, ווען איך וויל האָבן דעם פֿארגעניגן זען מײַן זון!.. פֿארלאָז אונדז, וואורם! פֿערדינאנד, שוין א שטיק צײַט, אז איך קוק זיך צו דיר צו און איך זע, אז דו האָסט פֿארלוירן די פֿריערדיקע יוגנטלעכע לעבעדיקײַט, וואָס האָט מיך אזוי אנטציקט. עפּעס א מאָדנער אומעט איז שטענדיק אַף דײַן פּאָנעם. דו מײַדסט מיך אויס, דו מײַדסט אויס די געזעלשאפֿט. פֿו! אין דײַן עלטער קאָן מען גיכער פֿארגעבן צען שטיפֿערײַען, איידער איין זאָרג. דו פֿארלאָז זיך אַף מיר, מײַן ליבער זון, איך וועל טראכטן וועגן דײַן גליק, און דו זע נאָר, זאָלסט ווערט זײַן צו שפּילן די גרויסע ראָליע, וואָס איך וועל פֿאר דיר אויסקלײַבן. קום אהער, פֿערדינאנד, און נעם מיך ארום.

פֿערדינאנד. איר זײַט הײַנט זייער גוט, פֿאָטער.

פּרעזידענט. נאָר הײַנט, שטיפֿער איינער? און מיט וואָס פֿאר א זויערער גרימאסע ער זאָגט עס! (ערנסט) פֿערדינאנד! פֿון וועמעס וועגן האָב איך עס דורכגעלייגט דעם געפֿערלעכן וועג צום הערצאָגס הארץ? פֿון וועמעס וועגן האָב איך עס אַף אייביק צעשטערט דעם פֿרידן מיטן געוויסן און מיטן הימל? הער מיך אויס, פֿערדינאנד! איך רעד מיט מײַן זון... פֿון וועמעס וועגן האָב איך עס באזײַטיקט און פֿארניכטעט מײַן פֿאָרגייער און דערוואָרבן אן אָרט אין מיניסטעריום? די דאָזיקע



געשיכטע פֿײַניקט מײַן הארץ, און וואָס מער איך באמי זיך צו באהאלטן דאָס מעסער פֿאר דער וועלט, אלץ גרעסער זײַנען מײַנע לײַדן! הער אויס! זאָג מיר, פֿערדינאנד, פֿון וועמעס וועגן האָב איך דאָס אלץ געטאָן?

פֿערדינאנד. (טרעט אָפּ אין שרעק.) צי דען פֿון מײַנעטוועגן, פֿאָטער? צי דען אַף מיר דארף פֿאלן דער בלוטיקער אָפּשײַן פֿון דעם דאָזיקן פֿארברעכן?

פּרעזידענט. וואָס? וואָס אזוינס? איבעריקנס, דײַנע ראָמאנטישע קאָפּ קאָן מען אלץ פֿארצײַען. פֿערדינאנד, איך וויל זיך ניט בייזערן! נארישע ייִנגל וואָס דו ביסט! אָט דאָס, הייסט עס, איז דײַן לוין פֿאר די שלאָפֿלאָזע נעכט, פֿאר מײַנע באשטענדיקע זאָרגן? פֿאר די אייביקע געוויסנס־ביסן? אַף מיר פֿאלט די גאנצע שווערע פֿאראנטוואָרטלעכקײַט, אַף מיר פֿאלן די פֿלוכן, דער דונער פֿון העכסטן געריכט... דו באקומסט שוין דאָס גליק פֿון דער צווייטער האנט... דער פֿארברעכן גייט ניט איבער בעירושה.

פֿערדינאנד. (הייבט אויף די רעכטע האנט.) איך זאָג זיך אָפּ פֿון דער ירושה, וואָס וועט מיר נאָך דערמאנען מײַן פֿאָטער — דעם מערדער!

פּרעזידענט. הער אויס, יונגערמאן, דו רעג מיך ניט אויף! ווען אלץ זאָל זײַן, אזויווי דו ווילסט, וואָלסטו דאָס גאנצע לעבן זיך געוואלגערט אין שטויב.

פֿערדינאנד. ס׳איז אלץ בעסער, פֿאָטער, איידער קריכן אַף אלע פֿיר ארום דעם טראָן.

פּרעזידענט. (האלט אײַן זײַן צאָרן.) הם! דיך מוז מען מיט גוואלד צווינגען צו פֿארשטיין דײַן גליק! דאָס, וואָס צענדליקער אנדערע קאָנען זיך ניט דערשלאָגן, ניט געקוקט אַף זייער אָנגעשטרענגטער מי, דאָס גיט זיך דיר שפּילעוודיק, ווי אין א כאָלעם. צו צוועלף יאָר ביסטו שוין א פֿאָן־טרעגער, צו צוואנציק — א מאיאָר. איך האָב עס פֿאר דיר געפֿוילט באם הערצאָג. דו וועסט אויסטון די מיליטער־אוניפֿאָרם און וועסט אָנקומען אין מיניסטעריום. דער פֿירשט האָט גערעדט וועגן ראנג

פון א געהיים־ראט, וועגן אמט פון א קאָנסול, וועגן אויסערגעוויינלעכע גנעדיקייטן. דיר שטייט פאָר א ווונדערבארע פערספעקטיוו: א גלייכער וועג צו דער נאָענטקייט פון טראָן און אפילע צום טראָן, אויב ס'איז נאָר קעדיי צו בייטן מאכט אף סימאָנים פון מאכט, אף אטריבוטן פון מאכט. און אויך דאָס באגייסטערט דיך ניט?

פ ע ר ד י נ א נ ד. ניין, ווייל מיינע פאָרשטעלונגען וועגן גרויסקייט זיינען ניט ענלעך אף אייערע. אייער גליק באשטייט זעלטן ווען אין עפעס אנדערש, אכוץ ווי אין פארדארבן א צווייטן מענטשן. קינע, שרעק, מעסירע — אָט דאָס זיינען די אומעטיקע שפיגלען, וווּ ס'שפיגלט זיך אָפּ דער שמייכל פון הויכן הערשער. טרערן, קלאָלעס, פארצווייפלונג — אָט דאָס איז דער שרעקלעכער מאָלצייט, בא וועלכן ס'פארווײלן זיך אָט די דאָזיקע אזויגערופענע גליקלעכע לייט. זיי גייען ארויס פון מאָלצייט פארשיקערט, און אזוי גייען זיי, ווי אין א נעפל, אין דער אייביקייט, צו גאָטס טראָן... מיין אידעאל וועגן גליק איז באשיידענער — ער איז אין מיר אליין, אלע מיינע ווונטשן זיינען באהאלטן בא מיר אין הארצן.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. מייסטערהאפט, ווונדערבאר, אויסערגעוויינלעך! ס'איז אריבער דרייסיק יאָר, און איך מוז ווידער אויסהערן די ערשטע לעקציע! ס'איז נאָר א שאָד, וואָס מיין פופציקיאָריקער קאָפּ איז שוין טעמפּ געוואָרן צום לערנען. דאָך, קעדיי ניט לאָזן פארלוירן גיין אזא זעלטענעם טאלאנט, וועל איך דיר עמעצן רעקאָמענדירן, לעבן וועמען דו וועסט קאָנען אויסנוצן דיינע פייקייטן און וויפל דיין הארץ גלוסט ארויסווייזן דיין פלוידערדיקע דולקייט. דו מוזסט זיך אנטשליסן — נאָך היינט מוזסטו זיך אנטשליסן — דו מוזסט הייראטן!

פ ע ר ד י נ א נ ד. (טרעט אָפּ א פארוווּנדערטער.) פאָטער!

פ ר ע ז י ד ע נ ט. אָן קאָמפּלימענטן! איך האָב אין דיין נאָמען דער לעדי מילפאָרד א ווענדונג געשיקט. דו וועסט באלד אוועקגיין צו איר און וועסט איר זאָגן, אז דו לייגסט איר פאָר דיין הארץ.

פ ע ר ד י נ א נ ד. דער מילפאָרד, פאָטער מיינער!

פ ר ע ז י ד ע נ ט. איך גלייב, אז זי איז דיר באקאנט!..

פ ע ר ד י נ א נ ד. (אויסער זיך) צי דען איז פאראן אזא שאנד־סלופּ אין



הערצאָגטום, ווו ס'זאָל איר נאָמען ניט זיין באקאנט? אָבער איך וועל אויסזען גאָר קאָמיש, אויב איך וועל אייער שפּאס, פאָטער, אָנעמען פאר ערנסט. צי דען וועט איר וועלן זיין א פאָטער פון א זון אן אויסוווּרף, וואָס גייט הייראטן מיט א פריווילעגירטער פאווואָריטן?

פ ר ע ז י ד ע נ ט. פארקערט! איך וואָלט זיך אליין צו איר געשאדכנט, ווען פאר איר וואָלט נאָך גילטן א פופציקיעריקער מאַן. וואָלסטו דען געוואָלט זיין א זון פון א טאטן אן אויסוווּרף?

פ ע ר ד י נ א נ ד. ניין! גאָט איז אן איידעס, אז ניין.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. איך שווער, אז די דאָזיקע פרעכקייט קאָן מען מויכל זיין נאָר צוליב איר אָריגינעלקייט.

פ ע ר ד י נ א נ ד. כ'בעט אייך, פאָטער, דערלאָזט ניט, כ'זאָל בלייבן בא דעם צווייפל! ווייל אזוי איז מיר אומדערטרעגלעך זיך אָנרופן אייער זון.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. דו ביסט דול, יונגערמאַן? יעדער מענטש מיט סייכל וואָלט זיך געוואָלט דערשלאָגן האָבן די ערע אזויארום פארנעמען דאָס אָרט פון הערשער פון לאנד.

פ ע ר ד י נ א נ ד. איר ווערט פאר מיר א רעטעניש, מיין פאָטער. איר רופט עס אָן ערע — ס'איז אן ערע צו טיילן מיטן הערשער אָט דאָס, אין וועלכן ער אליין הערט אוף זיין א מענטש?

פ ר ע ז י ד ע נ ט. (שיסט אויס מיט א געלעכטער.)

פ ע ר ד י נ א נ ד. לאכט, לאכט! לאָמיר אפילע וועגן דעם אויך ניט ריידן, פאָטער. וויאזוי וועל איך זיך קאָנען באווייזן פאר דעם אומגליקלעכסטן באלמעלאָכע, וואָס באקומט אלס נאדן פאר זיין פרוי וויניקסטנס אן אומשולדיק לייב? וויאזוי וועל איך זיך באווייזן פאר דער וועלט? פארן הערצאָג? וויאזוי וועל איך זיך באווייזן פאר דער שיינהייט, וואָס וועט אין מיין שאנד אָפּוואשן דעם פלעק פון איר ערע?

פ ר ע ז י ד ע נ ט. ווו האָסטו זיך אויסגעלערנט אזוי דארשענען?

פ ע ר ד י נ א נ ד. איך באשווער אייך, פאָטער, אין נאָמען פון הימל און ערד! דער אומקום פון אייער איינציקן זון וועט אייך ניט מאכן אזויפיל גליקלעך, אף וויפל ער וועט זיין אומגליקלעך. נעמט אייך דאָס

לעבנ מײַנס, אויב דאָס קאָנ אײַכ מאכנ גרעסער. דאָס לעבנ האָב איכ באקומענ דורכ אײַכ, אונ איכ וועל זיכ קײנ אײנ מינוט ניט וואקלענ אונ וועל עס ברענגענ פאר א קאָרבנ צוליב אײַערע דערפאָלגנ. אָבער מײַנ ערע, פאָטער!.. אויב איר וועט צונעמענ בא מיר מײַנ ערע, הײסט עס, אז שענקענ מיר דאָס לעבנ איז געווענ א לײַכטזיניקע נידערטרעכ־טיקײַט — אונ איכ וועל אינ מײַנ פאָטער שעלטנ דעמ קופלער.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. (קלאפט אימ פרײַנטלעכ איבערנ אקסל.) בראוואָ, מײַנ ליבער זונ! איצט זע איכ, אז דו ביסט א ווילער יונג אונ ביסט ווערט צו האָבנ די בעסטע פרוי אינ גאנצנ הערצאָגטומ. אזוי וועט עס טאקע זײַנ. נאָכ הײַנט צו מיט טאָג וועסטו זיכ פארקנאסנ מיט דער גרעפינ אָסטהײם.

פ ע ר ד י נ א נ ד. (אפסנײַ פארוווּנדערט.) די דאָזיקע שאָ איז, דאכט מיר, באשטימט געוואָרנ, קעדײ מיכ אינגאנצנ אומצוברענגענ.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. (קוקט מיט פארדאכט אפ אימ.) כ'האָפ, אז דאָ וועט דײַנ ערע ניט קאָנענ לײַדנ?

פ ע ר ד י נ א נ ד. נײנ, מײַנ פאָטער, פרעדעריקא אָסטהײם וואָלט גליקלעכ מאכנ יעדנ אײנעמ. (צו זיכ אינ גרויס פארלעגנהײַט) דאָס, וואָס איז אינ מײַנ הארצנ געבליבנ פונ זײַנ בײזקײַט, דאָס צעשטערט זײַנ גוטסקײַט.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. (לאָזט ניט אראָפ פונ אימ זײַנ בליק.) איכ וווארט אפ דײַנ דאנקבארקײַט, פערדינאנד.

פ ע ר ד י נ א נ ד. (גײט צו צומ פאָטער אונ קושט אימ די האנט.) פאָטער, אײַער גנעדיקײַט דערהײבט אלע מײַנע געפילנ. פאָטער, איכ דאנק אײַכ פאר אײַער הארציקער זאָרג וועגנ מיר! אײַער אויסוואל איז אויסער וועלכנ עס איז פארדאכט... אָבער... איכ קאָנ נישט... איכ וואג נישט... דער־בארעמט זיכ איבער מיר... איכ קאָנ נישט ליב האָבנ די גרעפינ.

פ ר ע ז י ד ע נ ט. (טרעט אָפ אפ א שפאנ צוריק.) אהא! איצט האָב איכ געפאקט דעמ יונגנמאנ! דו ביסט עס איצט ארײַנגעפאלנ, דו שווינדלער אונ ליגנער! הײסט עס, אז בא דיר איז עס גאָר ניט קײנ ערע־זאכ, וואָס דו זאָגסט זיכ אָפ פונ דער לעדי? הײסט עס, ניט די פערזאָנ שטעלט דיכ אָפ, נאָר דאָס הײַראטנ אלײנ.



פ ע ר ד י נ א נ ד. (שטײט אינ אָנהײב ווי פארגליווערט, דערנאָכ שפרינגט ער אופ אונ וויל אוועקגײנ.)

פ ר ע ז י ד ע נ ט. וווהינ? שטײ? אָט דאָס שעצסטו אזוי דײַנ פאָטער? (דער מאיאָר קערט זיכ אומ.) דײַנ וויזיט בא דער לעדי איז שוינ געמאָלדנ. איכ האָב דעמ פירשט דאָס וואָרט געגעבנ. דער הויפ, די גאנצע שטאָט, אלע ווײסנ וועגנ דעמ. אויב דו, יונגערמאנ, וועסט מיכ ארויסשטעלנ ווי א ליגנער פארנ הערצאָג, פאר דער לעדי, פאר דער וועלט, ווי א ליגנער אינ די אויגנ פונ די הויפלײַט... געדענק, פערדינאנד!.. אָדער איכ וועל זיכ דערוויסנ וועגנ עפּעס געשיכטעס... שטײ! וואָס זײַנענ מיטאמאָל בלאס געוואָרנ דײַנע באקנ?

פ ע ר ד י נ א נ ד. (בלאס, ווי שנײ, מיט א ציטערנדיקער שטימ.) ווי? וואָס? ס'איז גאָרנישט, פאָטער...

פ ר ע ז י ד ע נ ט. (שטעלט אָפ אפ אימ זײַנ גרויזאמענ בליק.) אונ אויב ס'איז יאָ עפּעס פאראנ, אונ אויב איכ וועל געפינענ די סיבע פונ דײַנ אײַנ־געשפארטקײַט?.. שוינ! שוינ דער פארדאכט אלײנ ברענגט מיכ ארײַנ אינ צאָרנ! גײ שוינ, די מינוט גלײַכ גײ! ס'הײבט זיכ אָנ דער וואכט־פאראד. דו וועסט זײַנ בא דער לעדי גלײַכ נאָכנ פאראָל. איכ דארפ נאָר וועלנ — וועט אופציטערנ דאָס גאנצע הערצאָגטומ! לאָמיר זענ, ווי מיכ וועט באזיגנ מײַנ פאראקשנטער זונ! (ער גײט אונ קערט זיכ ווידער אומ.) דו הערסט! דו וועסט זײַנ דאָרטנ, אניט, היט זיכ פאר מײַנ צאָרנ! (גײט אוועק.)

פ ע ר ד י נ א נ ד. (קומט צו זיכ נאָכ דער פארגליווערונג). ער איז אוועק! אונ דאָס איז געווענ די שטימ פונ מײַנ פאָטער? יאָ, איכ וועל גײנ צו איר, איכ וועל קומענ צו איר אונ וועל איר אויסזאָגנ אלצ, איכ וועל איר דעמ שפּיגל ווײַזנ, זאָל זי זיכ אינ אימ זענ. אומווירדיקע פרוי! אונ ווענ דו וועסט אויכ דאנ פארלאנגענ מײַנ האנט אינ אָנוועזנהײַט פונ גאנצנ אדל, פונ מיליטער אונ אינ אָנוועזנהײַט פונ פאָלק — איז דאנ באוואָפנ זיכ מיטנ גאנצנ שטאָלצ פונ דײַנ ענגלאנד — איכ וועל דיכ ניט אנערקענענ — איכ, דער דײַטשישער יונגלינג! (גײט גיכ אוועק.)

---

# צווייטער אקט

א זאל אין פאלאצ בא דער לעדי מילפאָרד. רעכטס שטייט א סאָפע, לינקס א פאָרטעפיאַנע.

## ערשטע סצענע

די לעדי אין א פרײַען אָבער רייצנדיקן נעגליזשע, די האָר נאָך ניט פארקעמט, זיצט בא דער פאָרטעפיאַנע און פאנטאזירט. סאָפיע, די קאמערדינערן, קומט צו פון פענצטער.

ס אָ פ י ע. די אָפיצערן גייען זיך פאנאנדער. דער פאראד האָט זיך געענדיקט — אָבער וואלטערן זע איך נאָך ניט.

ל ע ד י. (שטארק אומרויִק, שטייט אוף און גייט זיך דורכ איבערן זאל.) איך ווייס ניט, וואָס איז הײַנט מיט מיר, סאָפיע. ס'האָט נאָך קיינמאָל מיט מיר אזוינס ניט פאסירט. הייסט עס, אז דו האָסט אים ניט געזען? איבעריקנס — ער וועט זיך ניט שטארק אײַלן. ווי א פארברעכן, דריקט עס מײַן הארצ. גיי, סאָפי, און הייס מיר אָנזאָטלען דאָס סאמע ווילדסטע פערד, וואָס איז נאָר פאראן אין שטאל. איך מוז ארויס אפ דער פרײַ — זען מענטשן און דעם בלויען הימל, וועט מיר ווערן לײַכטער אפן הארצן.

ס אָ פ י ע. אויב איר פילט זיך ניט גוט, מילעדי, איז באשטימט אנ אופנאם הײַנט בא אײַך. זאָל דער הערצאָג דאָ עסן מיטיק אָדער זיך זעצן שפילן אין קאָרטן דאָ לעבן אײַער דיוואנ. האָבן צו דינסט דעם הערצאָג און דעם גאנצן הויף און זיך נאָך ארומטראָגן מיט אומעטיקע געדאנקען?

ל ע ד י. (ווארפט זיך אפן דיוואנ.) איך בעט דיך, האָב אפ מיר מיטלייד. איך בינ גרייט דיר געבן א דימענט יעדער שאָ, אבי זיי אין די אויגן



ניט זען! איך וועל דאָך ניט טאפעצירן מײַן צימער מיט דעם דאָזיקן פאָלק, דאָס זײַנען שלעכטע אומבעראכמאָנעסדיקע מענטשן. זיי דערשרעקן זיך, ווען פון מײַן צונג רײַסט זיך ארויס א ווארעם הארציק וואָרט, מויל און אויערן עפענען זיי דאנ אוף, ווי זיי וואָלטן פאר זיך א געשפענסט דערזען... דאָס זײַנען קנעכט פון איין מאריִאָנעטן־דראָט, מיט וועלכן ס'איז מיר לײַכטער אָנפירן, איידער אויסנייען. וואָס גייען מיר אָן די דאָזיקע מענטשן, וועמעס הארצ קלאפט פונקט אזוי, ווי זייערע טאשנ־זייגערס? צי קאָן איך האָבן דעם פארגעניגן בא זיי עפעס פרעגן, אז איך ווייס שוין פאָרויס זייער ענטפער? צי קאָן איך מיט זיי עפעס שמועסן, אז בא זיי קלעקט ניט קיין מוט צו האָבן אן אנדער מיינונג, ווי איך האָב. זאָלן זיי גיין! ס'איז פארדריסלעך אויך אפ א פערד צו רײַטן, אויב עס בײַסט ניט דעם צוים. (גייט צו צום פענצטער.)

ס אָ פ י ע. אָבער דעם הערצאָג טיילט איר דאָך פון זיי אויס, מילעדי? ער איז דאָך דער שענסטער מאנצבל, דער הייסטער געליבטער, דער קלוגסטער קאָפ אינעם גאנצן לאנד.

ל ע ד י. (קערט זיך אום.) ווײַל ס'איז זײַן לאנד, און נאָר זײַן הערצאָגשטאנד קאָן מײַן אויסוואל א ביסל בארעכטיקן. דו זאָגסט, מע איז מיר מעקאנע. אָ, אומגליקלעכע! מע וואָלט גיכער באדארפט אפ מיר מיטלייד האָבן. פון די אלע, וועלכע דער טראָן נערט, ענדיקט ערגער די פאוואָריטקע. איר גורל איז ענלעך אפן גורל פון א גרויסן און רײַכן מאנ, וועלכן ס'איז אויסגעקומען זיך נעמען פארן וואנדער־שטעקן פון א בעטלער. עמעס, מיטן טאליסמאנ פון זײַן גרייס קאָן ער, פונקט אזוי ווי דעם קישעפ־פאלאצ, ארויסרופן פון דער ערד אלצ, וואָס מײַן הארצ גלוסט. ער שטעלט פאר מיר אפן טיש די ווײַנען פוןביידע אינדיען, ער שאפט א גאניידן אין דער וויסטעניש. לויט זײַן באפעל הייבן זיך די קוואלן פון זײַן לאנד מיט רײַכע און שטאָלצע פאָנטאנען צום הימל ארוף, אָדער ס'פלאקערן אוף אין א שיינעם פײַערוועק די געהירן פון זײַנע אונטערטעניקע... אָבער צי קאָן ער באפעלן, זײַן הארצ זאָל זיך קלאפן שטארק און פײַעריק אין איינקלאנג מיט א שטארק און פײַעריק הארצ? צי קאָן ער אָפגעבן זײַן פארדאָרבן הארצ איינ און איינציקן

שיינעם געפיל? מײַן הארץ הונגערט בא אָט דעם גאנצן איבערפלוס פון פארגעניגנס. און וואָס קאָנען מיר העלפן טויזנטער בעסטע געפילן, אז איך בין געצווונגען בלויז צו לעשן די טײַוועו!

ס אָ פ י ע. (קוקט זי אָן מיט פארוווּנדערונג.) שוין לאנג, אז איך דין אײַך, מילעדי...

ל ע ד י. און ערשט הײַנט האָסטו מיך דערקענט? ס'איז עמעס, ליבע סאָפי, איך האָב דעם פירשט מײַן ערע פארקויפט. אָבער מײַן הארץ האָב איך פרײַ באהאלטן. א הארץ, מײַן טײַערע, וואָס איז נאָך ווערט, מע זאָל עס ליב האָבן. דער גיפטיקער ווינט פון הויף האָט עס בלויז אָנגערירט, ווי א לײַכטער אָטעם רירט אָן א שפיגל. גלייב מיר, מײַן ליבע סאָפי, דער דאָזיקער נעבעכדיקער הערצאָג וואָלט מיך שוין לאנג געמאכט פאר א דאמע פון ערשטן ראנג באם הויף, ווען נאָר מײַן ערנגײַץ וואָלט דאָס פארלאנגט.

ס אָ פ י ע. און דאָס דאָזיקע הארץ האָט זיך אמאָל שוין אונטערגעוואָרפן דעם ערנגײַץ?

ל ע ד י. (לעבעדיק) האָט עס דען שוין ניט גענומען קיין נעקאָמע? און איצטער איז זיך עס דען ניט נויקעם? סאָפי, (לאָזט אראָפּ די האנט אף סאָפיעס אקסל, ערנסט.) מיר, פרויען, האָבן איינ אויסוואל: אָדער הערשן, אָדער דינען. אָבער דער העכסטער פארגעניגן פון מאכט איז דאָך בלויז א נעבעכדיקע טרייסט, ווען אונדז איז אָפּגעזאָגט צו האָבן דעם גרעסערן פארגעניגן — דעם פארגעניגן צו זײַן א שקלאַפין פון דעם, וועלכן מיר האָבן ליב.

ס אָ פ י ע. דעם דאָזיקן עמעס וואָלט איך געוואָלט הערן פון אײַך דאָס לעצטע מאָל.

ל ע ד י. פארוואָס, מײַן סאָפי? קוקנדיק, ווי קינדעריש מיר האלטן דעם צייכן פון מאכט — דעם סצעפּטער, מוז מען זאָגן, אז מיר טויגן נאָר פאר א גארטל, מיט וועלכן מע לערנט א קינד גיין. צי דען האָסטו ניט באמערקט, אז מיט דעם דאָזיקן קאפריזן לײַכטזין, מיט די דאָזיקע ווילדע פארגעניגנס האָב איך געוואָלט שטילן אין מײַן הארצן די נאָך מער ווילדערע פארלאנגען?

ס אָ פ י ע. (טרעט אָפּ פארוווּנדערט.) מילעדי!



ל ע ד י. (נאָך לעבעדיקער) באפרידיק זיי, די פארלאנגען! גיב מיר דעם מאן, וועגן וועלכן איך דענק איצט, דעם, וועמען איך פארגעטער. אך, סאָפי, אָדער שטארבן, אָדער אים באהערשן! (מיט א שטים פול מיט צערטלעכקײַט) לאָמיך פון זײַן מויל הערן, אז די טרערן פון ליבע גלאנצן אין אונדזערע אויגן שענער, איידער די בריליאנטן אין אונדזערע האָר, (הייס) און איך וועל דעם הערצאָג צו די פיס א וואָרפן זײַן הארץ און זײַן הערצאָגטום, און כ'וועל מיט דעם דאָזיקן מענטשן אוועק, כ'וועל אוועק אין דער ווײַטסטער וויסטעניש אף דער וועלט.

ס אָ פ י ע. (קוקט זי אָן דערשראָקן.) גאָט מײַנער! וואָס רעדט איר? וואָס איז מיט אײַך, מילעדי?

ל ע ד י. (אין פארלעגנהײַט) דו ביסט בלאס? האָב איך פילײַכט עטוואָס צופיל געזאָגט? אָ, זאָל מײַן צוטרוי דײַן צונג בינדן! הער ווײַטער, הער אויס אלץ!

ס אָ פ י ע. (קוקט זיך ארום מיט שרעק.) איך האָב מוירע, מילעדי, איך האָב מוירע, איך דארף עס מער ניט הערן!

ל ע ד י. הײַראטן מיטן מאיאָר... סײַ דו, סײַ די וועלט — איר אלע האָט א טאָעס, אויב איר מיינט, אז דאָס איז א הויף־אינטריגע. סאָפי, רויטל זיך ניט — שעם זיך ניט פאר מיר — דאָס דאָזיקע הײַראטן איז די זאך פון מײַן ליבע!

ס אָ פ י ע. גאָט מײַנער, איך האָב עס פאָרגעפילט!

ל ע ד י. זיי האָבן זיך געלאָזט אײַנריידן, סאָפי. דער שוואכער הערצאָג, דער קלוגיטשקער הויפמאן וואלטער, דער טיפּעש דער מארשאל — יעדער פון זיי קאָן שווערן, אז דער דאָזיקער הײַראט־בונד איז דאָס בעסטע מיטל מיך אָפּהיטן פארן הערצאָג, א מיטל אונדזער בונד צו פארשטארקן. ניין, אף אייביק צערײַסן! אף אייביק צעברעכן די דאָזיקע שענדלעכע קייטן! מע האָט אײַך אָפּגענארט, ליגנער! א שוואכע פרוי האָט אײַך אָפּגענארט. איר זעלבסט פירט מיך איצט צו מײַן געליבטן. דאָס איז דאָך דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט. וואָלט ער נאָר מײַנער געווען, נאָר מײַנער... און דאן אפשטענדיק א גוטע נאכט, דו מיִעסע פרעכטיקײַט!

## צווייטע סצענע

דעם הערצאָגס אלטער קאמערדינער מיט א שאכטעלע אין דער האנט. די פריזערדיקע.

קאמערדינער. זייַנ עקסעלענצ דער הערצאָג האָט באפוילן אייַך גריסנ און האָט אייַך געשיקט די דאָזיקע בריליאנטנ צו דער כאסענע. זיי זייַנען נאָרוואָס אָנגעקומענ פונ ווענעציע.

לעדי. (עפנט אוף דאָס שאכטל, טרעט דערשראָקנ אָפּ צוריק.) מענטש, וואָס האָט דייַנ הערצאָג באצאָלט פאר די דאָזיקע שטיינער?

קאמערדינער. (אומעטיק) זיי קאָסטנ אים קיינ גראָשנ ניט.

לעדי. וואָס הייסט? ביסט פונ זינען אראָפּ? זיי קאָסטנ גאָרנישט? אָבער דו... (טרעט אָפּ פונ אים.) דו קוקסט אפ מיר אזוי, ווי דו וואָלסט געוואָלט מיכ דורכנעמענ מיט דייַנ בליק אפ דורכ און דורכ, — און די דאָזיקע טייַערע שטיינער, וואָס האָבנ גאָר קיינ פרייַז ניט, קאָסטנ, זאָגסטו, אימ גאָרנישט?

קאמערדינער. נעכטנ זייַנען זיבנ טויזנט מענטשנ אוועק קיינ אמעריקע... יענע וועלנ עס באצאָלנ!

לעדי. (שטעלט גלייַכ אוועק דאָס שאכטל אפנ טיש און הייבט אָנ גיינ גיכ היִנ און צוריק איבערנ צימער. נאָכ א ווייַלע שווייַגנ ווענדעט זי זיכ צום קאמערדינער.) אלטער, וואָס איז מיט דיר? דו וויינסט, דאכט זיכ?

קאמערדינער. (ווישט אויס די אויגנ, ער ציטערט מיטנ גאנצנ קערפּער און זאָגט מיט א טויבער שטים.) די דאָזיקע בריליאנטנ... אויכ מייַנע צוויי זינ זייַנען אוועק...

לעדי. (קערעוועט זיכ אָפּ, זי איז אומרויִק, כאפּט זייַנ האנט.) אָבער ניט געצווונגען האָט מענ זיי?

קאמערדינער. (מיט א ביטערנ שמייכל) גאָט מייַנער!.. ניינ, אלע זייַנען זיי געגאנגענ מיטנ גוטנ ווילנ... עמעס. עטלעכע דרייסטע יונגעלייַט זייַנען ארויסגעטראָטנ פאָרויס און האָבנ געפרעגט דעם שעפ, ווי טייַער דער הערצאָג פארקויפט יעדע פּאָר מענטשנ. אָבער אונדזער גנעדיקער פרינצ האָט באפוילנ, אז אלע פּאָלקנ זאָלנ ארויסטרעטנ אפנ



פאראד־פלאצ און צעשיסנ די שרייַערס. מיר האָבנ געהערט, ווי די ביקסנ האָבנ געקנאלט. מיר האָבנ געזענ, ווי דער מארכ האָט אפ דער גאס א שפּריצ געטאָנ, און די גאנצע ארמיי האָט געשריגנ: „הורא! קיינ אמעריקע!"

לעדי. (לאָזט זיכ אינ שרעק אראָפּ אפ דער סאָפע.) גאָט מייַנער! א. איכ הער גאָרנישט, און איכ באמערק גאָרנישט!

קאמערדינער. אזוי איז עס, גנעדיקע פרוי! אומזיסט זייַנט איר מיט אונדזער הערצאָג אוועקגעפאָרנ אפנ בערג־גייעג פונקט דעמלט, ווענ מע האָט אליארמירט די ארויסטרעטונג. א שאָד, וואָס איר האָט דורכגעלאָזט די דאָזיקע פייַערונג. דער דונער פונ פויקנ האָט אונדז געמאָלדנ, אז ס'איז שוינ צייַט, דאָרטנ זייַנען די יעסוימים מיט א געשריי נאָכגעלאָפנ דעם לעבעדיקנ פאָטער, און דאָ איז, ווי א דולע, נאָכגעלאָפנ די מוטער און געוואָלט מיט באגנעטנ דורכשטעכנ איר זויגנדיק קינד. די קאָלעס האָט מענ מיט שווערדנ אָפּגעטריבנ פונ די כאסאנים. אלטע לייַט זייַנען געשטאנענ אינ פארצווייפלונג און האָבנ ענדלעכ נאָכגעוואָרפנ די קינדער די קוליעס זייערע, ווי איינער זאָגט: נעמט זיי מיט קיינ אמעריקע! און די פויקנ קלאפנ פונ אלע זייַטנ, קעדיי דער אלוויסנדיקער גאָט זאָל ניט דערהערנ אונדזער געבעט.

לעדי. (שטייט אוף אינ גרויס אופרעגונג.) צום טייַוול די דאָזיקע שטיינער! זיי צינדנ אָנ מייַנ הארצ מיט פייַער פונ גענעם! (צום קאמערדינער, ווייכ.) בארויִק זיכ, אומגליקלעכער אלטער! זיי וועלנ זיכ אומקערנ. זיי וועלנ ווידער זייַנ אינ זייער היימלאנד.

קאמערדינער. (מיט געפיל.) דאָס ווייסט בלויז גאָט! יאָ, זיי וועלנ זייַנ! נאָכ בא דעם שטאָט־טויער האָבנ זיי זיכ אויסגעקערעוועט און האָבנ א געשריי געטאָנ: „זאָל גאָט באהיטנ אייַכ, אייַערע פרויענ און אייַערע קינדער! זאָל לעבנ אונדזער פאָטער, אונדזער הערצאָג! מיר וועלנ זיכ זענ אפ יענער וועלט, אפ דעם הימלשנ געריכט!"

לעדי. (גייט היִנ און צוריק איבערנ צימער מיט גרויסע טריט.) שרעקלעכ! אומענטשלעכ! און מיר האָט מענ געזאָגט, אז איכ האָב אָפּגעווישט אלע טרערנ! שרעקלעכ! שרעקלעכ! ס'עפענענ זיכ בא מיר די אויגנ. גיי,

זאָג דײַן הער, אַז איך וועל אים אַליין באַדאַנקען. (דער קאַמערדינער ווייל אַוועקגיין, זי לייגט אים אַרײַן אין הויט אַ טײַסטערל מיט געלט.) אָט האָסטו דיר דערפֿאַר, וואָס דו האָסט דערציילט דעם עמעס.

ק אַ מ ע ר ד י נ ע ר. (וואַרפֿט דעם טײַסטער אַפּן טיש און זאָגט מיט פֿאַראַכטונג.) ליגט עס צו צו דעם איבעריקן (גייט אַוועק.)

ל ע ד י. (קוקט אים נאָך דערשטוינט.) סאָפֿיע, לויף אים נאָך, פֿרעג אים, ווי רופֿט מען אים. זײַנע זין וועלן אים אומגעקערט ווערן. (סאָפֿיע אָפּ. לעדי גייט אום פֿאַרטראַכט הין און צוריק איבערן צימער. אַ פּאַוזע. צו סאָפֿיען, וואָס קערט זיך אום.) איאָ, מ'האָט ניט לאַנג גערעדט, אַז די סרייפֿע האָט פֿאַרניכטעט אַ שטאָט אַף דער גרענעץ און אַקעגן פֿיר הונדערט פֿאַמיליעס זײַנען געצוווּנגען געוואָרן גיין אין די הײַזער? (קלינגט.)

ס אָ פ י ע. פֿאַרוואָס האָט איר זיך עפּעס דערמאָנט? דאָס איז עמעס. און די גרעסטע טייל פֿון די דאָזיקע אומגליקלעכע איז איצט פֿאַרשקלאַפֿט צו זייערע קרעדיטאָרן אָדער זי קומט אום אין די שאַכטעס פֿונעם פֿירשטס זילבער־גרובנס.

ד י נ ע ר. (קומט אַרײַן.) וואָס וועט איר באַפֿוילן, מילעדי?

ל ע ד י. (גיט אים אָפּ די בריליאַנטן.) דאָס זאָל גלײַך אין באַנק אָפּגעטראָגן ווערן. מע זאָל גלײַך פֿון דעם מאַכן געלט, אַזוי באַפֿעל איך, און עס צעגעבן די פֿיר הונדערט פֿאַמיליעס, וואָס זײַנען רויִנירט געוואָרן דורך דער סרייפֿע.

ס אָ פ י ע. מילעדי, באַדענקט זיך, איר קאָנט אַרויסרופֿן די גרעסטע אומגעפֿעליקײַט.

ל ע ד י. (מיט ווירדע.) זאָל איך די קללה פֿון זײַן לאַנד אין מײַנע האָר טראָגן? (זי גיט אַ ווונק דעם דינער, ער גייט אַוועק.) אָדער דו ווילסט, איך זאָל פֿאַלן אונטערן שרעקלעכן יאָך פֿון מענטשלעכע טרערן? יאָ, סאָפֿי! בעסער טראָגן פֿאַלשע דימענטן אין די האָר און אין האַרצן האָבן דעם באַוווּסטזײַן פֿון דעם דאָזיקן טאַט!

ס אָ פ י ע. אָבער אַזעלכע שטיינער! האָט איר ניט געקאָנט נעמען די ערגערע? ניין, מילעדי דאָס קאָן מען אײַך ניט פֿאַרצײַען.

ל ע ד י. נאַריש מיידל! פֿאַר אָט דעם דאָזיקן ווערט מיר אין איין



מינוט באַצאָלט מער בריליאַנטן און פּערל, ווי ס'פֿאַרמאָגן צען קעניגן אין זייערע קרוינען, און נאָך מער קאָסטבאַרע...

ד י נ ע ר. (קומט צוריק.) מאַיאָר פֿאָן־וואַלטער!

ס אָ פ י ע. (שפּרינגט צו צו דער לעדי.) גאָט, איר זײַנט בלאַס געוואָרן!

ל ע ד י. דאָס איז דער ערשטער מענטש, סאָפֿי, פֿאַר וועלכן איך שרעק זיך. עדוואַרד, זאָג, אַז איך בין ניט געזונט. וואַרט אויס! ווי זעט ער אויס, אויפֿגעלייגט? ער לאַכט? וואָס זאָגט ער? אַך, סאָפֿי! איאָ, איך זע הײַנט אויס ניט גוט?

ס אָ פ י ע. מילעדי!

ד י נ ע ר. באַפֿעלט איר אים אָפּזאָגן?

ל ע ד י. (ניט זיכער.) ניין, בעט אים אַרײַנגיין! (דער דינער גייט אַוועק.) רעד, סאָפֿי!.. וואָס זאָל איך אים זאָגן? ווי זאָל איך אים באַגעגענען? איך וועל שטום זײַן... ער וועט לאַכן פֿון מײַן שוואַכקייט... ער וועט... אָ, ס'אַרא שרעקלעכער פֿאָרגעפֿיל!.. דו פֿאַרלאָזט מיך, סאָפֿי? בלײַב! ניין, גיי! ניין, בלײַב! (דער מאַיאָר באַווײַזט זיך אין טיר.)

ס אָ פ י ע. קומט צו זיך! ער איז שוין דאָ.

## דריטע סצענע

פֿערדינאַנד פֿאָן־וואַלטער, די פֿריִערדיקע.

פ ע ר ד י נ א נ ד. (מיט אַ לײַכטן נויג) איך באַאומרויִק אײַך ניט, גנעדיקע פֿרוי?

ל ע ד י. (מיט אַ מערקבאַרער פֿאַרלעגנהײַט.) קיין האָר ניט, הער מאַיאָר, איך בין זייער צופֿרידן...

פ ע ר ד י נ א נ ד. איך בין געקומען לויטן באַפֿעל פֿון מײַן פֿאָטער.

ל ע ד י. איך בין אים זייער דאַנקבאַר.

פ ע ר ד י נ א נ ד. און כ'מוז אײַך מעלדן, אַז מיר דאַרפֿן הײַראַטן — אָט אַזאַ איז ער, דער אויפֿטראָג פֿונעם פֿאָטער.

ל ע ד י. (ווערט בלאַס און הייבט אָן ציטערן.) און אײַער אייגן האַרץ זאָגט אײַך גאָרנישט?

**פערדינאנד.** מיניסטאָרן און קופלערס רעכענען זיך קיינמאָל ניט מיטן הארצן.

**לעדי.** (רעדט קאם ארויס.) און איר זעלבסט קאָנט גאָרנישט צוגעבן צו דעם אופטראָג?

**פערדינאנד.** (ווארפט א בליק אף סאָפיען.) זייער אסאך, מילעדי!

**לעדי.** (גיט א ווונק סאָפיען, יענע גייט אוועק.) ביטע, זעצט זיך אפן דיוואן.

**פערדינאנד.** איך וועל זיין קורץ, מילעדי.

**לעדי.** איך הער אייך.

**פערדינאנד.** איך בין אן ערלעכער מענטש.

**לעדי.** יאָ, איך קאָן אייך שעצן.

**פערדינאנד,** איך בין אן אדלמאן.

**לעדי.** דער בעסטער אין הערצאָגטום.

**פערדינאנד.** און אן אָפיצער.

**לעדי.** (כניפעדיק.) איר רופט אָן מיילעס, וועלכע אויך אנדערע פארמאָגן. פארוואָס־זשע פארשוויַיגט איר די בעסטע מיילעס, אין וועלכע איר האָט קיין גלייכן ניט?

**פערדינאנד.** (קאלט.) דאָ דארף איך זיי ניט.

**לעדי.** (מיט אלץ וואקסנדיקער אומרויִקייט.) אָבער ווי זאָל איך פארשטיין די דאָזיקע פאָרעדע?

**פערדינאנד.** (לאנגזאם און באטאָנט.) פארשטייט עס, ווי א פראָטעסט פון ערע, אויב איר ווילט מיך צווינגען מיט אייך הייראטן.

**לעדי.** וואָס הייסט עס, מאיאָר?

**פערדינאנד.** (געלאסן.) דאָס איז די שטים פון מיין הארצן, פון מיין הערב, די שטים פון דער דאָזיקער שווערד!

**לעדי.** די דאָזיקע שווערד האָט אייך געגעבן דער הערצאָג.

**פערדינאנד.** די מעלוכע האָט זי מיר געגעבן דורכן הערצאָגס האנט. מיין הארץ האָט מיר געגעבן גאָט. און דער הערב מיינער עקזיסטירט שוין גאנצע פינף יאָרהונדערטער.

**לעדי.** דעם הערצאָגס נאָמען...



**פערדינאנד.** (הייס.) צי דען קאָן דער הערצאָג פארקריפלען די געזעצן פון דער מענטשהייט אָדער די האנדלונגען שמעלצן, ווי מאַטבייעס? ער אליין שטייט ניט העכער פון דער ערע, אָבער ער קאָן דער ערע פארשטעקן דאָס מויל מיט זיין גאָלד. ער קאָן זיין שאנד מיט דער האמעלינענער מאנטיע צודעקן. איך בעט אייך, מילעדי, לאָמיר דערפון ניט ריידן. דאָ האנדלט זיך ניט וועגן די פארגעסענע אויסזיכטן און פלענער, ניט וועגן אורעלטערן, ניט וועגן פרענזל פון דער שווערד אָדער וועגן דער מיינונג פון דער וועלט. איך בין גרייט דאָס אלץ צעטרעטן מיט די פיס, וויבאלד איר וועט מיך איבערצייגן, אז דער לוין איז ניט מינדערער פונעם אָפפער אליין.

**לעדי.** (גייט אָפּ, ווייטעקדיק.) הער מאיאָר, דאָס האָב איך ניט פארדינט!

**פערדינאנד.** (כאפט אָן איר האנט.) אנטשולדיקט! מיר רעדן דאָ אָן איידעס! די אומשטענדן, וואָס האָבן אונדז היינט צוזאמענגעפירט דאָס ערשטע מאָל, גיבן מיר דאָס רעכט, צווינגען מיך ניט אויסבאהאלטן פון אייך מיינע טייערסטן, מיינע פארבאָרגנסטע געפיל. איך קאָן עס ניט פארשטיין, מילעדי, וויאזוי א פרוי פון אזא שיינקייט, מיט אזויפיל קלוגשאפט און גוטע אייגנשאפטן, וועלכע ס'וואָלט געשעצט יעדער אָנשטענדיקער מאן, וויאזוי קאָן אזא פרוי זיך אָפּגעבן דעם הערצאָג, וועלכער שעצט אין איר בלויז איר געשלעכט. און די דאָזיקע פרוי שעמט זיך ניט פאָרלייגן איר הארץ!

**לעדי.** (קוקט אים גלייך אין די אויגן אריין.) זאָגט אלץ!

**פערדינאנד.** איר רופט זיך בריטאנערן... דערלויבט מיר — איך קען עס ניט גלייבן, אז איר זיינט א בריטאנערן. די פריי־געבאָרענע טאָכטער פונעם פרייסטן פאָלק אף דער וועלט, פונעם פאָלק, וואָס איז אזוי שטאָלץ, אז ס'באראשט אים ניט קיין פרעמדע טוגנד, קאָן זיך אין קיין פאל ניט פארדינגען זיך צו דינען פרעמדער פארדאָרבנקייט. ס'איז אומעגלעך, איר זאָלט זיין א בריטאנערן! אָדער דאָס הארץ פון דער דאָזיקער בריטאנערן איז אף אזויפיל קלענער, אף וויפל דרייסטער און איידעלער ס'איז דאָס בלוט אין די אָדערן פון בריטאניע.

**לעדי.** איר האָט געענדיקט?

פ ע ר ד י נ א נ ד. מע קאָן פּילײַכט זאָגן, אז ס'איז פרויען־פּוסטקײַט, ליידנשאפט, טעמפּעראמענט, דורשט צו פארגעניגן. איז שוין געווען, אז די טוגנד האָט איבערגעלעבט די ערע. ניט איין מאָל האָט עס געטראָפן, אז פרויען, וואָס זײַנען מיטן שענדלעכן וועג אוועק, האָבן נאָכדעם מיט איידעלע האנדלונגען געצוווּנגען די וועלט מיט זיי שאָלעם מאכן און האָבן די העסלעכע מעלאָכע אויסגעפּײַנט דורך גוטן געבּרויך... אָבער פארוואָס איז דאָ אזא דרוק אין גאנצן לאנד? פריִער איז דאָס ניט געווען. איך האָב גערעדט אין נאָמען פון הערצאָגטום. איך האָב געענדיקט!

ל ע ד י. (שטיל, נאָר מיט ווירדע.) ס'איז דאָס ערשטע מאָל, וואלטער, ווען מע וואגט מיט מיר אזוי צו ריידן, און איר זײַנט דער איינציקער מענטש, וועלכן איך וועל אָפּ דעם אלץ ענטפערן. איר ווילט ניט מיט מיר הײַראטן, און איך שעץ אײַך דערפאר! דאָס, וואָס איר זידלט מײַן הארץ — פארגיב איך אײַך. אָבער איך גלייב אײַך ניט, אז איר זאָגט עס ערנסט. ווער עס וואגט זיך ווענדן מיט אזעלכע באליידיקונגען צו א פרוי, פאר וועלכער ס'איז גענוג איין נאכט, קעדיי אײַך אומצובּרענגען, מוז אָדער אין. דער דאָזיקער פרוי א גרויס הארץ שעצן, אָדער ניט מיט אלע געדאנקען זײַן. דאָס, וואָס איר ווארפט ארויף אָפּ מיר די רויִנירונג פון לאנד — זאָל עס אײַך פארגעבן דער אלמעכטיקער גאָט, וועלכער וועט אמאָל מישפּעטן מיך, אײַך און דעם פירשט. אָבער איר האָט מיר געוואָרפן דעם פאָרוווּרף ווי צו א בּריטאנערן, און אָפּ אזעלכע פאָרווורפן מוז מײַן פאָטערלאנד געבן ענטפער.

פ ע ר ד י נ א נ ד. (שפּארט זיך אָן אָפּ דער שווערד.) אינטערעסאנט צו הערן!

ל ע ד י. הערט אויס דאָס, וואָס איך האָב אכוץ אײַך נאָך קיינעם ניט פארטרויט און וועל עס קיינמאָל קיינעם ניט פארטרויען. איך בּין ניט קיין אוואנטיוריסטקע, ווי איר מיינט, וואלטער. איך קאָן זיך באַרימען און זאָגן, אז מײַן אָפּשטאמונג איז א קייזערלעכע — איך קום ארויס פונעם אומגליקלעכן טאָמאס נאָרפאָלק*, וואָס איז געפאלן אלס

* טאָמאס האָווארד—דער פערטער הערצאָג פאָן נאָרפאָלק (1572—1536). מע האָט אים געקעפּט ווי מאריִא סטיוארטס אן אָנהענגער.



קאָרבּן פאר מאריִא פון שאָטלאנד. דעם פאָטער מײַנעם, דעם עלטסטן קאמערהער בּאַם קעניג, האָט מען כּוישעד געווען אין פארעטערישע בּאציִונגען מיט פראנקרײַך. דער פּארלאמענט האָט אים פארמישפּעט, און מע האָט אים געקעפּט. אלע אונדזערע גיטער האָט צוגענומען די מעלוכע, מיר זײַנען פארטריבּן געוואָרן פון לאנד. מײַן מוטער איז געשטאָרבּן אין טאָג פון דער טויטשטראָף. איך — א פערצניאָריק מיידעלע בּין אוועק קיין דײַטשלאנד מיט מײַן דערציִערן און מיט א קעסטעלע צירונג און מיט דעם דאָזיקן פאמיליען־קרייץ, וועלכן מײַן שטארבּנדיקע מוטער האָט מיר אָנגעטאָן אפן האלדז און מיר געגעבּן איר לעצטע בּראָכע.

פ ע ר ד י נ א נ ד. (פארטראכט זיך און קוקט אָפּ איר מיט מיטגעפיל.)

ל ע ד י. (זעצט פאָר, איר אויפרעגונג ווערט אלץ גרעסער.) א קראנקע, אָן א נאָמען, אָן הילף און אָן א פארמעגן, אן אויסלענדערן און יעסוימע, בּין איך געקומען קיין האמבּורג. איך האָב גאָרניט ניט געקענט אכוץ דעם בּיסל פראנצויזיש, א בּיסל שטריקן און א בּיסל שפּילן פּאָרטעפּיאנע, דערפאר בּין איך געווינט געווען עסן אָפּ גאָלד און זילבּער, שלאָפן אונטער אטלאסענע דעקן, מיט איין ווינק צעשיקן צענדליקער דינער און הערן כאניפע פון גרויסע לײַט. איך האָב געהאלטן אין איין וויינען א גאנץ יאָר. די לעצטע דימענטענע בּראָשקע איז פארשוווּנדן. מײַן דערציִערן איז געשטאָרבּן. און דעמלט האָט מײַן שיקזאל געבּראכט אײַער הערצאָג קיין האמבּורג. איך האָב שפּאצירט אָפּ די בּרעגן פון דער עלבּע, כ'האָב געקוקט אין די טיפע וואסערן און האָב אָנגעהויבּן פאנטאזירן: וואָס איז טיפער — די דאָזיקע וואסער אָדער מײַנע ליידן? דער הערצאָג האָט מיך דערזען, האָט אָנגעהויבּן נאָך מיר נאָכצושפּירן, האָט געפונען מײַן וווינונג, איז געפאלן צו מײַנע פיס און האָט זיך געשווירן, אז ער האָט מיך ליבּ. (פון גרויס אויפרעגונג שטעלט זי זיך אָפּ. דערנאָך זעצט זי פאָר מיט א וויינענדיקער שטים.) אלע בּילדער פון מײַן גליקלעכער קינדהײַט זײַנען אויפגעלעבּט געוואָרן מיט זייער גאנצער פארפירערישער קראפט. שווארץ, ווי דער קייווער, האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט מײַן טרייסטלאָזע צוקונפט. מײַן הארץ האָט געגארט נאָך א צווייט הארץ,

און איך בין צוגעפאלן צו זײַן הארץ... (לויפט אוועק פון פערדינאנדן.) איצט קאָנט איר מיך מישפּעטן!

פ ע ר ד י נ א נ ד. (שטארק אומרויִק, לאָזט זיך נאָך איר און האלט זי אָפּ.) לעדי, אָ, גאָט מײַנער! וואָס הער איך? וואָס האָב איך אָפּגעטאָן? מיך זעלבסט שרעקט מײַן האָזע! איר קענט עס מיר ניט פארגעבן.

ל ע ד י. (קערט זיך אום, באמיט זיך קומען צו זיך.) הערט אויס ווײַטער. עמעס, מײַן ניטבאשײַטע יוגנט איז אונטערגעפאלן אונטער דער הערשאפט פונעם פירשט, אָבער דאָס בלוט פון די נאָרפאָלקן איז אין מיר אופגעבראכט געוואָרן: „דו, עמיליע!" האָט א שטים גערעדט אין מיר. „דו פון געבוירן א פירשטן, און איצט דעם פירשטס א פאוואָריטקע?" דער שטאָלץ און. דער שיקזאל האָבן געקעמפט אין מײַן הארצן, ווען דער פירשט האָט מיך אהער געבראכט. און פאר מײַנע אויגן איז מיטאמאָל אנטשטאנען דאָס שרעקלעכסטע בילד! די טײַווע פון די שטארקע אף דער וועלט, די דאָזיקע גיִענע, וואָס איז קיינמאָל ניט זאט, וואָס זוכט שטענדיק אן אָפּפער, קעדיי שטילן איר הונגער. זי האָט שוין דעמלט שרעקלעך געווילדעוועט אין דעם לאנד. זי האָט כאָסן־קאלע צעשיידט. זי האָט אפילע דעם הויכן געטלעכן בונד פון הײַראט געריסן—דאָ האָט זי דאָס שטילע גליק פון פאמיליע אונטערגעטאָפּטשעט, דאָרט, ווי א פארניכטנדיקע פעסט אין א יונג, ניטדערפארן הארץ ארײַנגעדרונגען—און די שטארבנדיקע שילערנס האָבן מיט שוים אף די ליפּן אין דער לעצטער גסיסע פארשאָלטן זייער לערער. איך האָב זיך אוועקגעשטעלט צווישן לעמעלע און טיגער, און איינמאָל, אין מאָמענט פון לײַדנשאפט, האָב איך גענומען א פײַערלעכע שוווּע—און די דאָזיקע אומענטשלעכע קאָרבאָנעס האָבן געמוזט אופהערן.

פ ע ר ד י נ א נ ד. (שטארק אומרויִק גייט הין און צוריק איבערן זאל.) גענוג, מילעדי, גענוג!

ל ע ד י. נאָך דעם דאָזיקן טרויעריקן פּעריאָד איז געקומען נאָך א מער טרויעריקער. סײַ דער הויף, סײַ דער הארעם האָט געווימלט פון די אויסוווּרפן פון איטאליע. די לײַכטזיניקע פאריזשאנקעס האָבן זיך געשפּילט מיטן שרעקלעכן סצעפּטער, און דאָס פאָלק האָט געבלוטיקט פון זייערע



קאפּריזן. אָבער ס'איז געקומען אויך זייער סאָף. איך האָב זיי געזען אין זייער פאלן, ווײַל איך בין געווען נאָך א גרעסערע קאָקעטקע פון זיי אלע. איך האָב צוגענומען די לייצן באם טיראן, וועלכער איז אין מײַנע אָרעמס פון לײַדנשאפט ווייך געוואָרן — און דײַן פאָטערלאנד, וואלטער, האָט דאָס ערשטע מאָל דערפילט א מענטשלעכע האנט און ס'האָט מיט צוטרוי זיך אָנגעשפּארט צו מיר אף דער ברוסט. (א פאוזע. זי קוקט אף אים מיט לײַדנשאפט.) אָ, פאר דעם איינציקן מענטשן, וועמעס מיינונג ס'איז מיר טײַער, בין איך געצווּנגען זיך בארימען און מײַן באשיידענע טוגנד פארברענען אפן פײַער פון באוווּנדערונג! וואלטער, איך האָב געעפנט טפיסעס! איך האָב טויט־אורטיילן צעריסן און ניט איין אייביקע קאטאָרגע פארקירצט. אין ווּנדן, וואָס לאָזן זיך ניט היילן, האָב איך ווייניקסטנס געגאָסן שטילנדיקן באלזאם. מעכטיקע פארברעכער האָב איך צונישט געמאכט און מיט טרערן פון א פאוואָריטקע האָב איך אָפט די אומשולד געראטעוועט. אָך, וואלטער! ווי זיס איז דאָס מיר געווען. מיט וואָס פאר א שטאָלץ האָט מײַן הארץ געקאָנט אָפּוואַרפן יעדע באשולדיקונג פון מײַן פירשטלעכן שטאם! —און איצט קומט א ענטש, דער איינציקער, וואָס קאָן מיך פאר דעם אלץ באלוינען—דער מענטש, וועלכן ס'האָט געשאפן מײַן אָרעמער שיקזאל, מעגלעך פאר די פארגאנגענע לײַדן מײַנע—דער מענטש, וועלכן איך האָב שוין אין טרוים מיט ברענענדיקער לײַדנשאפט ארומגענומען!

פ ע ר ד י נ א נ ד. (שטארק דערשיטערט, שלאָגט איר איבער.) דאָס איז שוין צופיל! דאָס איז קעגן דעם אָפּמאך, מילעדי. איר האָט זיך באפרײַט פון באשולדיקונגען—און מאכט מיך פאר א פארברעכער. שוינט, איך באשווער אײַך, שוינט מײַן הארץ, וואָס ווערט צעריסן פון בושע און פון ווייטעקדיקן געוויסנס־ביסן.

ל ע ד י. (האלט פעסט זײַן האנט.) איצט אָדער קיינמאָל! לאנג האָב איך געליטן, ווי א העלדין, אָבער דו מוזט דאָך דערפילן די שווערקײַט פון די דאָזיקע טרערן! (צארט) הער אויס, וואלטער, אין דער רעגע, ווען אן אומגליקלעכע ציט זיך צו דיר אין אומבאגרײַפבארער אלמעכטיקער לײַדנשאפט און דריקט זיך צו דיר מיט איר ברוסט, וואָס איז פול מיט

נליִענדיקער אומויסשעפּלעכער ליבע, — שוינ־זשע, וואלטער, וועסטו אויך דאָ לאָזן הערן דײַן קאַלט וואָרט — ערע? ווען די דאָזיקע אומגליקלעכע, נידערגעדריקט דורכן געפיל פון איר שאנד, קערעוועט זיך אָפּ פון אירע זינד און וועט, ווי א העלדין, זיך אופהייבן לויטן רוף פון דער טוגנד און זיך אין דײַנע אָרעמס א וואָרף טון, (נעמט אים ארום, מיט א פײַערלעכער און בעטנדיקער שטים.) און וועט ווילן, אַז דו זאָלסט זי ראטעווען — דו זאָלסט זי צוריק צום הימל אומקערן, צי דען, (קערעוועט זיך אָפּ פון אים מיט א טויבער, ציטערנדיקער שטים.) צי דען זאָל זי אנטלויפן פון דײַן געשטאלט און זיך אונטערגעבן דעם שרעקלעכן רוף פון פארצווייפלונג, זיך ווידער אראָפּלאָזן אין נאָך מער העסלעכע טיפענישן פון זינד?

פ ע ר ד י נ א נ ד. (רײַסט זיך פון איר ארויס אין גרויס פארלעגנהײַט.) ניין, כ׳שווער בײַ גרויסן גאָט — איך קאָן עס ניט איבערטראָגן, לעדי, איך מוז — הימל און ערד פאָדערן עס פון מיר, — איך מוז דאָס אײַך אנטדעקן, לעדי!

ל ע ד י. (אנטלויפט פון אים.) איצט ניט! איצט ניט, כ׳באשווער אײַך, בײַ וואָס הייליק ס׳איז! איצט, אין דער דאָזיקער מינוט, בלוטיקט מײַן הארץ אזוי אויך פון טויזנטער ווונדן. זאָל עס זײַן טויט אָדער לעבן — איך וויל ניט הערן!

פ ע ר ד י נ א נ ד. אָבער דאָך, אָבער דאָך, ליבע מילעדי! איר מוזט מיך אויסהערן. דאָס, וואָס איך וועל אײַך איצט זאָגן, וועט פארקלענערן מײַן שולד אין אײַערע אויגן און וועט דינען אלס א ווארעמע ביטע פאר דער פארגאנגענהײַט. איך האָב געהאט א טאָעס אין אײַך, מילעדי. איך האָב דערווארטעט, איך האָב געוואָלט איר זאָלט ווערט זײַן מײַן פאראכטונג. איך האָב פעסט באשלאָסן אײַך צו באליידיקן און צו פארדינען אײַער האס, בין איך געקומען אהער. ס׳וואָלט געווען א גליק פאר אונדז ביידן, ווען מײַן האנאָכע וואָלט געווען א ריכטיקע! (ער שווײַגט א ווײַלע, דערנאָך שטילער און נאָך אין גרעסערער פארלעגנהײַט.) איך האָב ליב, מילעדי, איך האָב ליב א בירגערלעך מיידל — לויזע מילער, א טאָכטער פון א מוזיקער. (זי ווערט בלאס, קערעוועט זיך אָפּ פון אים. ער זעצט פאָר מיט גרויס באגײַסטערונג.) איך ווייס, וואָס סעווארט אף מיר, אָבער



ווען אויך די קלוגשאפט זאָל צווינגען די ליידנשאפט שווײַגן, וואָלט נאָך העכער א רעד געטאָן דער כויוו. איך בין דער שולדיקער. איך האָב דער ערשטער צעשטערט דעם גאָלדענעם פרידן פון איר אומשולד, געוויגט איר הארץ מיט דרייסטע האָפענונגען און האָב פארעטעריש זיי איבערגעגעבן דער מאכט פון ווילדער ליידנשאפט. איר מעגט מיר דערמאנען מײַן שטאנד, מײַן געבורט, די גרונט־געזעצן פון מײַן פאָטער — אָבער איך האָב זי ליב. מײַן האָפענונג איז אף אזויפיל דרייסטער, אף וויפל ס׳גייען זיך פאנאנדער די נאטור מיט די געזעצן פון מײַן שטאנד. מײַן באשלוס און דער פאָרורטייל! מיר וועלן זען, וואָס וועט זיגן — די פאָרורטיילן אָדער די מענטשלעכקײַט! (די לעדי איז דערווײַל אריבער אין צווייטן עק צימער און האָט צוגעדעקט דאָס פּאָנעם מיט די הענט. ער גייט איר נאָך.) איר האָט מיר געוואָלט עפעס זאָגן, מילעדי?

ל ע ד י. (מיט אן אויסדרוק פון טיפע ליידן.) גאָרניט, הער פאָן־וואלטער! גאָרניט, כוץ עפשער דאָס, וואָס איר ברענגט אום זיך, מיך און נאָך א דריטע.

פ ע ר ד י נ א נ ד. און נאָך א דריטע?

ל ע ד י. מיר קאָנען ניט זײַן גליקלעך איינער מיטן אנדערן, נאָר מיר מוזן פאלן אלס קאָרבנות פון אײַער פאָטערס אײַלעוודיקײַט. קיינמאָל וועל איך ניט קאָנען הערשן איבערן הארץ פון א מאן, וועלכער גיט מיר אָפּ זײַן האנט געצוווּנגענערהייט.

פ ע ר ד י נ א נ ד. געצוווּנגענערהייט, מילעדי? געצוווּנגענע אָפּגעגעבן און דאָך אָפּגעגעבן? און איר קאָנט פאָדערן די האנט אָן דעם הארץ? איר קאָנט אָפּנעמען בײַ א מיידל דעם מענטשן, אין וועלכן זי זעט די גאנצע וועלט? דאָס מיידל צונעמען בײַ א מענטשן, וואָס זײַן גאנצע וועלט איז אין איר אײַנגעשלאָסן? איר, מילעדי — א מינוט פריִער — א שטאָלצע בריטאנערין, וואָס רופט ארויס באוווּנדערונג — איר זײַנט עס פייִק אף דערויף?

ל ע ד י. ווײַל איך מוז. (ערנסט און מיט קראפט.) פון אײַערטוועגן טרעט אָפּ מײַן ליידנשאפט פאר מײַן צארטקײַט. אָבער מײַן ערע קאָן מער ניט. ווען אונדזער הײַראט רעדט איצט דאָס גאנצע לאנד,

אפ מיר זײַנען איצט אָנגעצילט אַלע אויגן, אַלע פײַלן פונ שפּאָט. מיט קיינ זאַכ וועל איכ ניט אָפּווישן דעם שאַנד, אויב דעם פירשטס אַנ אונטערטאַנער וועט זיכ פונ מיר אָפּזאָגן. קעמפּט מיט אײַער פאָטער. איר קאָנט זיכ ווערג, וויפל ס'וועלן אײַכ דערלויבן אײַערע קויכעס. איכ וועל אופרײַסן אַלע מינעס! (זי גייט שנעל אוועק. דער מאַיאָר בלײַבט אָנ וואָרט-פאַרשטאַרט. א פּאַוזע. דערנאָכ גייט ער גיכ אוועק דורכ דער צענטראַלער טיר.)

## פערטע סצענע

א צימער באַם מוזיקער.

מילער, די פרוי מילער און לויזע.

מילער. (קומט אײַלנדיק ארײַנ אינ צימער.) איכ האָב עס פריִער געזאָגט.

לויזע. (לאָזט זיכ צו אים דערשראָקנ.) וואָס איז, פאָטער, וואָס איז?

מילער. (לויפט איבערנ צימער הינ און צוריק, ווי א דולער.) דערלאַנג מיר מײַנ יאָנטעוודיקנ ראָק — גיכער! איכ מוז אים וואָרענען — און א ווײַס העמד מיט א מאַנישקע! דאָס איז מיר נאָרוואָס געקומען אפנ געדאַנק.

לויזע. אום גאָטעס ווילנ, וואָס איז?

פרוי מילער. וואָס איז געשען? וואָס איז?

מילער. (וואַרפט אראָפּ זײַנ פּאַריק.) גיכער צום שערער! וואָס איז געשען? (לויפט צו צום שפּיגל.) און מײַנ באָרד איז ווידער אויסגעוואַקסן און לאַנג געוואָרן. וואָס איז געשען? וואָס וועט געשען, דו נישטיקע פרוי? דער טײַוול ארבעט דאָ! און דער קאָפּ דײַנער זאָל כאָטש גאַנצ בלײַבן.

די פרוי. אָט האָסטו דיר! שוינ אַלצ אפ מיר.

מילער. אפ דיר? יאָ, דו פּלאַפּלערנ, און אפ וועמענ דענ? הײַנט אינדערפרי מיט דעם טײַוול, דעם יונקער! האָב איכ עס דענ ניט גלײַכ געזאָגט? דער דאָזיקער וואָרם האָט אַלצ צעפּלוידערט.

די פרוי. פונוואַנענ קאָנסטו עס ויסנ?

מילער. פונוואַנענ איכ קאָנ עס ויסנ? אָט גיי! דאָרטנ באַ דער טיר שטייט איינער, געשיקט פונ מיניסטער, און פרעגט זיכ נאָכ אפנ פידלער!



לויזע. איכ בינ פארפאַלנ.

מילער. און דו מיט דײַנע זיסע אייגעלעכ! (לאַכט בייז.) דאָס איז ריכטיק: באַ וועמענ אינ ווירטשאַפט דער טײַוול לייגט אנ איי, באַ דעם וועט אויסוואַקסנ א שיינע טאָכטער. איצט איז עס קלאָר.

די פרוי. פונוואַנענ ווייסטו, אז עס האַנדלט זיכ וועגנ לויזענ? פילײַכט האָט מענ דיכ צו דעם הערצאָג רעקאָמענדירט. ער וויל דיכ, פילײַכט, צו זיכ אינ אָרקעסטער?

מילער. (כאַפּט זײַנ שטעקנ.) א שוועבל-רעגנ זאָל אפ דיר אָנפאַלנ! אָרקעסטער! יאָ, אינ אזא אָרקעסטער, ווו דו, די קופּלערינ, וועסט, ווי א דיסקאַנט, הוילנ און מײַנ בלויער הינטנ וועט זײַנ א קאָנטראַ-באַס... (לאָזט זיכ אראָפּ אינ שטול.) גאָט מײַנער!

לויזע. (זעצט זיכ אוועק, זי איז טויט-בלאַס.) מוטער! פאָטער! פאַרוואָס איז מיר מיטאַמאָל אזוי שרעקלעכ געוואָרנ?

מילער. (שפּרינגט ווידער אופ פונ שטול.) אָבער זאָל איכ נאָר פאַקנ דעם דאָזיקנ לײַדאַק! זאָל ער זיכ נאָר פאַקנ! זאָל עס זײַנ אפ דער וועלט צי אפ יענער, נאָר איכ וועל אים שוינ דאָס לײַב און די זעל צעדרעשנ! אַלע צענ געבאָטנ און אַלע זיבנ ביטעס פונ דער טפילע „פאָטער אונדזערער" און אַלע ביכער פונ מוישע ראַביינו און אַלע נעוויִים וועל איכ אים אפ זײַנ פעל אויסשרײַבנ, אזוי אז מע זאָל די בלויע פלעקנ זענ אפילע דעמלט, ווענ ס'וועט קומענ טכיִעס-האַמייסים.

די פרוי. יאָ, שעלט און שרײַ! דאָס וועט טאַקע דעם טײַוול פאַרטרײַבנ! העלפ אונדז, גאָטעניו! וווהינ זאָלנ מיר זיכ איצט אהינטונ? ווו זוכט מענ אנ אייצע? וואָס הייבט מענ אָנ צו טונ? זאָג-זשע, מילער! (לויפט אומ איבערנ צימער מיט א געשריי.)

מילער. כ'גיי גלײַכ צום מיניסטער! איכ וועל דער ערשטער אָנהייבנ ריידנ. כ'וועל אליינ אים אַלצ דערציילנ. דו האָסט עס נאָכ פריִער פאַר מיר געוווּסט. דו האָסט געקאָנט מיר א וווּנק טונ. דאָס מיידל וואָלט מענ נאָכ געקאָנט אײַנריידנ. ס'איז נאָכ געווענ צײַט, אָבער ניינ — דיר האָט זיכ געוואָלט א ביסל א מעקלער טונ — מע קאָנ דאָ א פיש כאַפּנ! האָסטו אָנגעמאַכט א שטיקל ארבעט! איצט זאָרג זיכ אליינ

וועגן דײַן קופּלערישער פּעל. עס אוף דאָס, וואָס דו האָסט אַליין אָנ־געבראָקט! איך נעם מײַן טאָכטער און מאַרש מיט איר איבער דער גרענעץ!

## פינפטע סצענע

פערדינאנד פאָנ־וואלטער לויפט ארײַן דערשראָקן און פארסאפּעט. די פרוי־ריקע.

פערדינאנד. איז געווען דאָ מײַן פאָטער?

לויזע. (שפּרינגט אוף אין שרעק) דײַן פאָטער! אַל־מעכטיקער גאָט!

די פרוי. (גיט א פּליעסקע מיט די הענט) דער פרע־זידענט! מיר זײַנען פארפאַלן.

מילער. (לאכט בייז.) גאָט צו דאנקען, גאָט צו דאנקען! אָט האָסטו דיר!

אלע צוזאמען

פערדינאנד. (לויפט צו צו לויזען און דריקט זי שטארק אין די אָרעמס.) דו ביסט מײַנע, און זאָל דער געהענעם און דער הימל זיך שטעלן צווישן אונדז!

לויזע. דאָס איז פאר מיר דער טויט. רעד ווײַטער — דו האָסט ארויסגעזאָגט א שרעקלעכן נאָמען — דײַן פאָטער?

פערדינאנד. ס'איז גאָרנישט, ס'איז גאָרנישט! אלץ איז שוין אײַנגעאָרדנט. דו ביסט ווידער מיט מיר. איך בין ווידער מיט דיר! אָ, לאָז מיך אָפּאָטעמען אף דײַן ברוסט! ס'איז געווען א שרעקלעכע שאָ.

לויזע. אוועלכע שאָ? דו הארגעסט מיך.

פערדינאנד. (טרעט אָפּ אפ א ווײַלע, קוקט אף איר פּילדײַטיק.) א שאָ, לויזע, ווען צווישן מײַן הארץ און דיר האָט זיך א פרעמדע געשטאלט באוויזן, א שאָ, ווען מײַן ליבע איז בלאס געוואָרן פאר מײַן געוויסן; א שאָ, ווען לויזע האָט אופגעהערט צו זײַן אלץ בא איר פערדינאנד.

לויזע. (פארדעקט דאָס פּאָנעם מיט די הענט, לאָזט זיך אראָפּ אין שטול.)

פערדינאנד. (גייט שנעל צו צו איר, שווײַגנדיק מיט א פארגליווערטן בליק בלײַבט ער שטיין פאר איר, דערנאָך גייט ער פלוצעם אוועק פון איר, אין אופרעגונג.) ניין! קיינמאָל! ס'איז אומעגלעך, מילעדי! דאָס איז שוין צופיל! איך



קאָן ניט צוליב דיר אָפּפּערן מיט דעם דאָזיקן אומשולדיקן וועזן! ניין! איך שווער באם אלמעכטיקן גאָט! איך קאָן מײַן שבועה ניט ברעכן. ווי א דונער אין הימל, קלינגט זי, די דאָזיקע שבועה, ווען איך קוק אין די דאָזיקע אויגן. לעדי, גיב א קוק אהער, אהער, דו בלוטגיריקער פאָטער! זאָל איך דעם דאָזיקן מאַלעך דערהארגענען, זאָל איך מיט א געהענעם־פײַער אָנצינדן די דאָזיקע הימלשע ברוסט? (גייט אנטשיידן צו צו איר.) איך וועל זי פירן צום טראָן פון וועלט־ריכטער, און זאָל דער אייביקער זאָגן, אויב מײַן ליבע איז א פארברעכן. (ער נעמט זי פאר דער האנט און הייבט זי אוף פון שטול.) דערמונטער זיך, מײַן טײַערסטע! דו האָסט אויסגעשפּילט. אלס זיגער קום איך צוריק פון דעם דאָזיקן געפערלעכן קאמף...

לויזע. ניין, ניין! באהאלט פון מיר גאָרניט! לאָז מיך הערן דעם שרעקלעכן אורטייל! דו האָסט דערמאנט דײַן פאָטער? דו האָסט דער־מאנט די לעדי? א טויט־ציטער כאפּט מיך ארום. מע זאָגט, זי וועט הײַראטן.

פערדינאנד. (פאלט צו לויזעס פיס.) הײַראטן מיט מיר, אומגליקלעכע.

לויזע. (נאָך א ווײַלע שווײַגן מיט א ציטערנדיקער שטים און מיט א שרעקלעכער רויִקײַט.) נו, איז וואָס? וואָס האָב איך זיך דערשראָקן? דער אלטער פאָטער האָט עס מיר דאָך אָפט געזאָגט — איך האָב עס ניט געוואָלט גלייבן. (א פּאוזע, מיט א שטארק געוויין ווארפט זי זיך מילערן אין די אָרעמס.) פאָ־טער, אָט איז דײַן טאָכטער ווידער מיט דיר... פארגעב מיר, פאָטער! וואָס איז דײַן קינד שולדיק, אז דער טרוים איז געווען אזוי שיין, און דאָס דערוואכן איז אזוי שרעקלעך?

מילער. לויזע! לויזע! אָ, גאָט, זי איז דאָך פון זינען אראָפּ! טאָכטער מײַנע, אָרעם קינד מײַנס! זײַ פארשאָלטן, דו פארפירער! זײַ פארשאָלטן, דו קופּלערן!

די פרוי. (ווארפט זיך יאָמערנדיק צו לויזען.) האָב איך פארדינט די דאָזיקע קלאָלע, טאָכטער! זאָל אײַך גאָט פארגעבן, בּאראָן! וואָס האָט געטאָן דאָס דאָזיקע שעפעלע, וואָס איר הארגעט עס אוועק?

פערדינאנד (שפּרינגט צו צו לויזען, פול מיט אנטשלאָסנקײַט.) אָבער איך

װעל צעשטערן זײַנע אינטריגעס — איך װעל דורכרײַסן אַלע קײטן פֿון פֿאָרורטײלן — מײַן אױסװאַל װעט זײַן אַן אױסװאַל פֿון אַ פֿרײַען מענטשן, און די דאָזיקע נישטיקע זעלן װעלן פֿאַרשװינדן אין דעם ריזיקן טאַט פֿון מײַן ליבע. (ער װיל אַװעקגײן.)

לויזע. (שטײט ציטערנדיק אױף און גײט אים נאָך.) בלײַב, בלײַב! װוּהין װילסטו גײן? פֿאָטער! מוטער! אין דער דאָזיקער שרעקלעכער מינוט פֿאַרלאָזט ער אונדז!

די פֿרוי. (לױפֿט אים נאָך, כאַפּט אים פֿאַרן קלײד.) דער פּרעזידענט װעט קומען אַהער, ער װעט גראָב באַהאַנדלען אונדזער קינד, ער װעט אונדז גראָב באַהאַנדלען, און איר, הער פֿאָן װאַלטער, פֿאַרלאָזט אונדז!

מילער. (לאַכט װילד.) פֿאַרלאָזט אונדז! פֿאַרשטײט זיך! פֿאַרװאָס ניט? זי האָט דאָך אים שױן אַלץ אָפּגעגעבן. (מיט אײן האַנט כאַפּט ער אָן דעם מאַיאָר, מיט דער צװײטער לויזען.) האָט געדולד, באַראָן! נאָר אַריבערשפּאַנענדיק איבער איר, װעט איר קאָנען פֿאַרלאָזן מײַן הױז. װאַרט צו אױף דײַן פֿאָטער, אױב דו ביסט ניט קײן אױסװוּרף! דערצײל אים, װי דו האָסט זיך אין איר האַרץ אַרײַנגעגאַנװעט, באַטריגער אײנער, אָדער כ'שװער בײַ גאָט, (שטופּט צו אים די טאָכטער, דערנאָך װילד און אױסער זיך.) דו זאָלסט מיר פֿריִער צעטרעטן זי, אָט דעם דאָזיקן קרעכצנדיקן װאָרעם, װעמען די ליבע צו דיר האָט געבראַכט צו אַזאַ שאַנד!

פֿערדינאַנד. (קערט זיך אום, גײט אום הין און צוריק טיף פֿאַרקלערט.) עמעס, די מאַכט פֿון פּרעזידענט איז גרױס. פֿאָטער־רעכט איז אַ הױך װאָרט, אונטער דעם װאָרט קאָן זיך אױך פֿאַרברעכן באַהאַלטן. דאָס קאָן װײַט פֿאַרפֿירן, װײַט! אָבער דאָך װײַטער פֿון אַלץ קאָן טרײַבן די ליבע. קום אַהער, לויזע, גיב מיר דײַן האַנט! (ער כאַפּט פֿעסט אָן איר האַנט.) זאָל מיך פּונקט אַזױ גאָט ניט פֿאַרלאָזן בײַ דער לעצטער מינוט פֿון מײַן לעבן! איך שװער, דער אױגנבליק, װאָס װעט שײדן די דאָזיקע צװײ הענט — דער דאָזיקער אױגנבליק װעט אױך איבעררײַסן דעם פֿאָדעם, װאָס בינדט מיך מיטן לעבן.

לויזע. מיר װערט מוירעדיק. קוק ניט אױף מיר! דײַנע ליפּן ציטערן. דײַנע אױגן ברענען שרעקלעך!



פֿערדינאַנד. נײן, לויזע, האָב קײן מוירע ניט! שרעק זיך ניט! ניט קײן אומזינן רעדט אין מיר — דאָס איז דער טײַערסטער געשאַנק פֿון הימל, אַ באַשלוס אין אַ װיכטיקן מאָמענט, װען די געדריקטע ברוסט קאָן זיך לינדער מאַכן נאָר מיט אַן אומגעהערטער אָנשטרענגונג. איך האָב דיך ליב, לויזע, דו װעסט זײַן מײַנע. איצט, צום פֿאָטער! (גײט שנעל צו דער טיר און שטױסט זיך אָן אױפֿן פּרעזידענט.)

## זעקסטע סצענע

דער פּרעזידענט און די דינער, די פֿריִקע.

פּרעזידענט. (באַם אַרײַנגײן.) ער איז שױן דאָ!

אַלע. (דערשראָקן.)

פֿערדינאַנד. (טרעט אָפּ עטלעכע שפּאַן צוריק.) אין הױז פֿון אומשולד.

פּרעזידענט. װוּ דער זון לערנט זיך זײַן געהאָרכזאַם דעם פֿאָטער?

פֿערדינאַנד. לאָזט דאָס איבער פֿאַר אונדז.

פּרעזידענט. (שלאָגט אים איבער. צו מילערן.) דו ביסט דער פֿאָטער?

מילער. איך בין דער מוזיקער מילער.

פּרעזידענט. (צו זײַן פֿרוי.) דו ביסט די מוטער?

די פֿרוי. יאָ, יאָ, די מוטער.

פֿערדינאַנד. (צו מילערן.) פֿאָטער, פֿיר אַװעק די טאָכטער! אָט־אָט װעט זי פֿאַלן אין אָנמאַכט.

פּרעזידענט. אומזיסטיקע מי! מיר װעלן זי אױפֿמונטערן. (צו לויזען.) שױן לאַנג ביסטו באַקאַנט מיטן פּרעזידענטס זון?

לויזע. איך האָב בײַ אים ניט געפֿרעגט, װער ער איז. פֿערדינאַנד װאַלטער קומט צו מיר אַרײַן פֿון נאָיאַבער כוידעש אָן.

פֿערדינאַנד. פֿאַרגעטערט זי!

פּרעזידענט. האָט ער דיר געגעבן עפּעס פֿאַרזיכערונגען?

פֿערדינאַנד. די פֿײַערלעכסטע, און ערשט צוריק מיט עטלעכע מינוט, פֿאַר גאָט אַלײן.

פּרעזידענט. (מיט צאָרן צום זון.) דו װאַרט נאָך, דיך װעט מען נאָך

א רופ טונ, זאָלסט זיכ צערעכענענ פאר דיַינע שטוסעריַיענ. (צו לויזענ.) איכ ווארט אפ ענטפער.

לויזע. ער האָט זיכ געשווירנ, אז ער האָט מיכ ליב.

פערדינאנד. אונ וועט די שוועע ניט ברעכנ.

פרעזידענט. צי דענ מוז איכ דיר הייסנ שוויַיגנ? אונ דו האָסט אָנגענומענ די שוועע?

לויזע. איכ האָב געענטפערט מיט דעמ זעלבנ.

פערדינאנד. (אנטשיידנ.) אונדזער בונד איז געשלאָסנ.

פרעזידענט. איכ וועל הייסנ ארויסווארפנ דעמ ווידערקאָל. (צו לויזענ בייז) אָבער איכ האָפ, אז ער האָט דיר געצאָלט?

פערדינאנד. פאָטער! זאָל זיַינ די אומשולד איז אינ אנ אָרעמ קלייד, דאָכ פאָדערט זי צו זיכ אכטונג...

פרעזידענט. (צעלאכט זיכ אפ א קאָל.) זעלטנ צוגעטראכט! דער פאָטער דארפ, הייסט עס, אכטנ דעמ זונס געליבטע.

לויזע. (פאלט אינ אָנמאכט.) אָ, הימל אונ ערד!

פערדינאנד. (הייבט אופ די שווערד אפנ פאָטער, לאָזט זי אָבער באלד אראָפ. פאָטער! איינמאָל בינ איכ איַיכ שולדיק געווענ מיַינ לעבנ — דער דאָזיקער כויוו איז אָפגעצאָלט! (לייגט אריַינ די שווערד אינ שיידל.) אלע רעכט אפ מיַינ געהאָרכזאמקיַיט ווערנ פארניכטעט.

מילער. (וואָס איז ביז איצט געשטאנענ אינ א זיַיט, גייט אומרויִק פאָרויס. ער קריצט מיט די ציינ פונ צאָרנ.) איַיער עקסעלענצ, וועמענ איז דאָס קינד נעענטער, ווי דעמ פאָטער? אנטשולדיקט! ווער עס שענדעט די טאָכטער — דער פאטשט איבערנ פאָנעמ דעמ פאָטער, אונ אפ א פאטש ענטפערט מענ מיט א פאטש — אזא טאקסע איז עס בא אונדז, אנטשולדיקט!

די פרוי. גאָט, באשיצ אונדז! דער אלטער האָט זיכ עס צערעדט, אונ פארפאלנ זיַינענ אונדזערע קעפ! אלטער, דו וועסט אומברענגענ אי דאָס וויַיב, אי די טאָכטער.

פערדינאנד: פאָטער, די גרויסע ראָליע, וואָס איר שפילט דאָ, וואָלט איר בעסער געקאָנט דורכפירנ אָנ איידעס.



מילער. (גייט צו נעענטער צו אימ.) דאָס איז גוט אונ אָרנטלעכ געזאָגט! אנטשולדיקט, איַיער עקסעלענצ! איר קאָנט זיכ טונ, וואָס איר ווילט, דאָרט בא איַיכ אינ הערצאָגטומ, אונ דאָ, דאָ איז מיַינ הויז... אז כ׳וועל זיכ צו איַיכ מיט א ביטע ווענדנ, וועל איכ זיכ צו איַיכ בוקנ, אונ אנ אומגעבעטענעמ גאסט וועל איכ פונ שטוב ארויסווארפנ! אנטשולדיקט.

פרעזידענט. (ווערט בלאס פונ צאָרנ.) וואָס? וואָס אזוינס? (גייט צו צו אימ נעענטער.)

מילער. (טרעט פאָרזיכטיק אָפ.) דאָס איז געווענ נאָר מיַינ מיינונג, אנטשולדיקט, הער!

פרעזידענט. (אויסער זיכ פונ קאס) אָ! דו אויסוווּרפ׳ מיט דיַינע אזעסדיקע מיינונגענ וועל איכ דיכ פארשפארנ אינ טורמע הײ! פאָליציי אהער! (אייניקע פונ די דינער גייענ ארויס, דער פרעזידענט שפאַ צאָרנדיק אומ איבערנ צימער.) דעמ פאָטער אינ טורמע! די מוטער אונ די אויסגעלאסענע טאָכטער צומ שאנד־סלופ! די גערעכטיקיַיט וועט מיר העלפנ אינ מיַינ צאָרנ. פאר דער דאָזיקער שאנד וועל איכ פאָדערנ א שרעקלעכע באפרידיקונג. אזא אויסוווּרפ זאָל מיַינע פלענער צעשטערנ אונ זאָל אומבאשטראָפט העצנ דעמ זונ קעגנ פאָטער? ווארט אויס, איר פארפלוכטע! איכ וועל אָנזעטיקנ מיַינ האס דורכ איַיער אומקומ! די גאנצע כאָפטע — דער פאָטער, די מוטער אונ די טאָכטער — וועלנ זיַינ א קאָרבנ פונ מיַינ פלאמיקער נעקאָמע!

פערדינאנד. (גייט צו צו זיי מיט רויִקער זיכערקיַיט.) ווארט נאָכ אויס! שרעקט זיכ ניט! איכ בינ מיט איַיכ! (צומ פרעזידענט מיט האכנאָע.) איַילט זיכ ניט אזוי, פאָטער! אויב ס׳איז איַיכ טיַיער איַיער נאָמענ, איז באנוצט ניט קיינ גוואלדטאטנ! ס׳איז פאראנ א ווינקל אינ מיַינ הארצ, ווו ס׳איז נאָכ ניט געהערט געוואָרנ דאָס וואָרט „פאָטער״. טשעפעט ניט דעמ דאָזיקנ ווינקל!

פרעזידענט. שוויַיג, דו אומווירדיקער! גענוג מיכ אופרעגנ!

מילער. (קומט צו זיכ פונ דער טעמפער פארגליווערונג.) דו, וויַיב, גיב אכטונג אפ דער טאָכטער! איכ וועל אוועק צומ הערצאָג! דער הויפשניַידער — גאָט אליינ האָט מיר אונטערגעזאָגט דעמ דאָזיקנ געדאנק —

דער הויף־שנײַדער לערנט זיך בא מיר אפ דער פלייטע שפּילן. ער וועט מיר העלפן דורכגיין צום הערצאָג. (ער וויל גיין.)

פּרעזידענט. צום הערצאָג? דו האָסט, ווײַזט אויס, פאַרגעסן, אז איך בין די שוועל, איבער וועלכער מ'דאַרף איבערשפּרינגען אָדער ברעכן דעם קאַרק. צום הערצאָג? דו טעמפּער קאָפּ, וואָס דו ביסט! דו פּרוּוו עס, ווען דו וועסט זיצן לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין קעלער, אין טורמע, דאָרט, ווו די נאַכט און דער גענעם זײַנען באַפרײַנדעט, וווהין ס'דרינגט ניט אַרײַן ניט קיין שײַן און ניט קיין קלאַנג. קלאַפּ־זשע דאַן מיט דײַנע קייטן און וויין, וואָס אַזאַ גרויסער אומגליק האָט דיך געטראָפן.

## זיבעטע סצענע

די פריערדיקע. די פּאָליציי־לײַט.

פּערדינאַנד. (לויפט צו צו לויזען, וואָס פאַלט אין אָנמאַכט אַף זײַנע הענט.) לויזע! העלפט, ראַטעוועט! דער שרעק האָט בא איר אָפּגענומען די קרעפטן.

מילער. (כאַפּט זײַן שטעקן, טוט אָן זײַן הוט און שטעלט זיך אין א באַשיצונג־פּאָזע.)

די פרוי. (פאַלט אַפּ די קני פאַרן פּרעזידענט.)

פּרעזידענט. (צו די פּאָליציי־לײַט. באַווײַזט זיי דעם אָרדען.) אין נאָמען פון הערצאָג, נעמט זיי אַוועק פון דער אויסגעלאַסענער. יונגאַטש דו! דאָס איז ניט וויכטיק, וואָס זי איז אין אָנמאַכט. אז מע וועט איר אָנטון אַן אײַזערנעם האַלדזבאַנד, וועלן זי די גאַסן־ייִנגלעך אופּמונטערן מיט שטיינער און מיט שמוץ.

די פרוי. האָט ראַכמאָנעס, אײַער עקסעלענץ! האָט ראַכמאָנעס! דערבאַרעמט זיך!

מילער. (הייבט אויף מיט קאַס די פרוי פון דיל.) דו בעט גאָט, אַלטע פּעל, און ניט דעם דאָזיקן אויסוווּרף! אַלצייַנס דאַרף איך שוין גיין אין טורמע.



פּרעזידענט. (בײַסט די ליפּן.) זע נאָר, דו זאָלסט קיין טאָעס ניט האָבן אין רעכענונג, דו אַלטע קאַנאַליע! די טליע שטייט נאָך ליידיק. (צו די פּאָליציי־לײַט) וואָס האָב איך אײַך געזאָגט?

די פּאָליציי־לײַט. (שטופּן זיך צו לויזען.)

פּערדינאַנד. (לויפט צו צו לויזען, שטעלט זיך אַוועק לעבן איר און זאָגט ביטער.) ווער וואַגט עס? (נעמט אַרויס די שווערד צוזאַמען מיטן שיידל און באַשיצט זיך מיטן עפּעס *) זאָל זיך צו איר צורירן דער, וואָס האָט זײַן שאַרבן דער פּאָליציי פאַרקויפט. (צום פּרעזידענט) דערבאַרעמט זיך איבער אײַך אַליין! דערפירט מיך ניט צו...

פּרעזידענט. (מיט דראָונג צו די פּאָליציי־לײַט.) אויב ס'איז אײַך טײַער אײַער ברויט, האָזן...

די פּאָליציי־לײַט. (טרעטן צו צו לויזען.)

פּערדינאַנד. אַוועק, טײַוואָלאָנים! מע זאָגט אײַך, אַוועק! נאָכא־מאָל בעט איך: דערבאַרעמט זיך, פאָטער! שוינט זיך אַליין! דערפירט מיך ניט צו עקסצעסן.

פּרעזידענט. (צאָרנדיק צו די פּאָליציי־לײַט.) אָט דאָס באַווײַזט איר אײַער געטרײַשאַפט, שווינדלער?

פּאָליציי־לײַט. (כאַפּן דרייסטער לויזען.)

פּערדינאַנד. אויב ס'האַלט שוין דערבײַ... (ער אַנטבלויזט די שווערד און פאַרוווּנדעט עטלעכע פּאָליציי־לײַט.) פאַרצײַ מיר, דו, העכסטער געריכט!

פּרעזידענט. (אויסער זיך פון צאָרן.) לאָמיר זען, צי וועט אויך מיך אָנרירן די דאָזיקע שווערד! (ער כאַפּט לויזען, הייבט זי אויף און גיט זי איבער איינעם פון די פּאָליציי־לײַט.)

פּערדינאַנד. (מיט א ביטערן שמייכל.) פאָטער, פאָטער! איר שאַפט דאָ א העסלעכן פּאַסקוויל אַף גאָט. ניט גוט קלײַבט ער זיך פאַנאַנדער אין מענטשן, אויב ער קאָן מאַכן פון אויסגעצייכנטע הענקער שלעכטע מיניסטאָרן!

פּרעזידענט. (צו די פּאָליציי־לײַט.) פירט זי אַוועק!

פּערדינאַנד. זי וועט שטיין לעבן שאַנד־סלופּ, אָבער צוזאַמען

---

* עפּעס — דאָס הענטל פון שווערד.

מיטן מאיאָר, מיטן פּרעזידענטס זון! איר ווילט נאָך אַלץ אויספירן אײַערס?

פּרעזידענט. אויב אזוי, וועט דער ספּעקטאַקל זײַן נאָך אינטע־רעסאַנטער. פירט זי!

פערדינאנד. פאָטער, איך וועל א וואָרף טון די אָפיצערישע שווערד צו אירע פיס! איר ווילט נאָך אַלץ אײַערס אויספירן?

פּרעזידענט. די שווערד אפילע אפ דיר איז געווינט צו שאנד. פירט זי! פירט זי! איר האָט געהערט מײַן באפעל!

פערדינאנד. (שטופּט אָפּ איינעם פון די פּאָליצײַ־לײַט, מיט איין האנט נעמט ער ארום לויִזען, מיט דער צווייטער הייבט ער אוף איבער איר די שווערד.) פאָטער! איך וועל ניט דערלויבן שענדן מײַן פרוי. איך וועל זי גיכער דער־שטעכן. איר ענדערט ניט אײַער באפעל?

פּרעזידענט. ביטע, אויב דײַן קלינג איז גענוג שארף...

פערדינאנד (לאָזט ארויס לויִזען פון די הענט, הייבט אוף די אויגן צום הימל.) דו ביסט מײַן איידעס, אלמעכטיקער גאָט! איך האָב אויסגעפּרווט אלע מענטשלעכע מיטלען. איצט דארף מען זיך נעמען פאר די טײַוו־לאָנישע. פירט זי צום שאנד־סלופּ, און דערווײַל... (שרײַט דעם פּרעזידענט אפן אויער.) דערווײַל וועל איך איבער דער גאנצער הויפּטשטאָט צעטראָגן די געשיכטע וועגן דעם, ווי מע ווערט עס א פּרעזידענט! (גייט אוועק.)

פּרעזידענט. (ווי דורך א דונער דערשלאָגן.) וואָס אזוינס?.. פערדי־נאנד!... לאָזט זי אָפּ! (לויפט נאָך נאָך דעם מאיאָר.)

———

# דריטער אקט

## ערשטע סצענע

א זאל באַם פּרעזידענט אין פּאלאץ. ס'קומט ארײַן דער פּרעזידענט מיטן סעקרעטאר וורם.

פּרעזידענט. אן אומפארשטענדלעכע, אן אומגעהערטע זאך!

וורם. דערפאר האָב איך זיך טאקע געשראָקן, אײַער עקסעלענץ! א גוואלדטאט רעגט שטענדיק אוף די טרוימער און פירט זיי קיינמאָל ניט ארופ אפ א וועג.

פּרעזידענט. איך האָב אלע האָפענונגען געלייגט אפ דעם דאָזיקן ארעסט, איך האָב אזוי געטראכט — אז מע וועט דאָס מיידל צו שאנד מאכן, וועט ער, ווי אן אָפיצער, זי מוזן אוועקוואַרפן.

וורם. ריכטיק, אָבער דאָס אליין וואָלט אײַך צו שאנד געבראכט.

פּרעזידענט. דאָך, ווען איך גיב איצט קאַלטבלוטיק א טראכט, וואָלט איך זיך ניט באדארפט געווען אונטערגעבן. ער וואָלט זיכער קיינמאָל ניט אויסגעפילט זײַן דראָונג.

וורם. זאָגט ניט אזוי!.. די צערודערטע ליידנשאפט איז גרייט אפ דער גרעסטער ווילדקײַט. איר זאָגט, אז דער מאיאָר האָט שטענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ, קוקנדיק, ווי איר רעגירט. כ'גלייב אײַך. אָט די קלאָלים, וואָס ער האָט געבראכט מיט זיך פון דער אקאדעמיע, זײַנען מיר גלײַך ניט געפעלן. אפ וואָס דארף מען די דאָזיקע פאנטאסטישע טרוימען וועגן פּערזענלעכער איידלקײַט אָט דאָ באַם הויף, ווו די העכסטע חכמה באשטייט אין דעם, מע זאָל זײַן רויִק גרויס, זײַן רויִק קליין, אלץ לויט דעם, ווי ס'איז אָנגענומען. ער איז צו יונג און צו הייס. ער קאָן

ניט געפינען קיין געשמאַק אין לאַנגזאַמע זיגזאַגאַרטיקן גאַנג פון דער אינטריגע. און אָנרירן זײַן אַמביציע קאָן נאָר אַ גרויסע, אַן אויסער־געוויינלעכע זאַך.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. (מיט פאַרדרוס.) גוט! אָבער וויאַזוי וועט די דאָזיקע זאַכלעכע באַמערקונג פאַרבעסערן אונדזערע געשעפטן?

וו ו ר מ. איך האָב געוואָלט אָנווײַזן אײַער עקסעלענץ אַף דער ווונד און אויך אַף דער רעפּוע. בײַ אַזאַ כאַראַקטער, אַנטשולדיקט מיר, האָט מען באַדאַרפט אָדער ניט שטאַרק אָפּנהערציק זײַן, אָדער ניט גע־דאַרפט זיך קריגן. ער האָסט אָט די אַלע מיטלען, וואָס האָבן אײַך דערהויבן. ס'קאָן זײַן, אַז ביז איצט האָט ער נאָר אַלס זון געצוימט זײַן צונג פון פּראַט. איר גיט אים אָבער אַ מעגלעכקײַט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם כויוו פון אַ זון, איר צווינגט אים נאָר, אָנפאַלנדיק אַף קיין צאַרטער פאָטער — וועלן בײַ אים פריִער פאַר אַלץ אַרויסטרעטן די פליכטן פון אַ פּאַטריאָט. שוין אָט דער פאַנטאַסטישער געדאַנק אַליין — ברענגען פאַרן געריכט אַזאַ מערקווירדיקן קאָרבן — וואָלט אים געקאָנט פאַרפירן און צווינגען אָפּפערן מיט זײַן פאָטער.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. אַך, וווּרם! דו פירסט מיך צו אַ שרעקלעכן אָפּגרונט!

וו ו ר מ. איך וועל אײַך פון אָפּגרונט אָוועקפירן. קאָן איך זײַן אָפנהערציק?

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. (זעצט זיך.) ווי אַ פאַרורטיילטער מיט זײַן כאַוווער.

וו ו ר מ. אויב אַזוי, אַנטשולדיקט מיר, מיר דוכט זיך, אַז איר זײַנט פּרעזידענט, אַדאַנק דער בויגעוודיקער הויף־לערע. פאַרוואָס האָט איר זיך ניט פאַרטרויט אָט דער לערע אויך ווי אַ פאָטער? איך געדענק, מיט וואָס פאַר אַן אומשולדיקײַט איר האָט אײַער פאָרגענגער געבעטן שפּילן מיט אײַך אַ פּאַרטיע אין פּיקעט און האָט מיט אים פאַרבראַכט קימאַט אַ גאַנצע נאַכט, כאַווערישׁ געטרונקען מיט אים בורגאָנער ווײַן, און טאַקע אין דער זעלבער נאַכט האָט אונטער אים באַדאַרפט זיך אָנצינדן אַ מינע און האָט אים באַדאַרפט אופרײַסן. צוליב וואָס האָט איר אײַער



זון אָנגעוויזן אַף זײַן סוינע? ער דאַרף גאָרניט וויסן, אַז איך ווייס וועגן זײַנע ליבע־איניאָנים. איר האָט געקאָנט צעשטערן דעם דאָזיקן ראָ־מאַן מיצאַד דעם מיידל, און אײַער זון וואָלט אײַך, ווי פריִער, ליב גע־האַט. איר וואָלט באַדאַרפט שפּילן די ראָליע פון אַ פלינקן קריג־פירער, וועלכער פאַלט ניט אָן אַף די וויכטיקסטע קויכעס פונעם פײַנט, נאָר וועלכער באַמיט זיך דערוויײַטערן איינע פון דער צווייטער זײַנע טיילן.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. וויאַזוי האָב איך עס געקאָנט טון?

וו ו ר מ. גאַנץ פּאָשעט. די זאַך איז נאָך ניט אינגאַנצן פאַרשפּילט. פאַרגעסט אַף אַ ווײַלע, אַז איר זײַנט זײַנער אַ פאָטער. קעמפט ניט מיט דער ליידנשאַפט, וואָס פאַרשטאַרקט זיך נאָר פון יעדן קליינעםווידער־שטאַנד. דערלויבט מיר טאַקע אַף דעם פײַער פון דער דאָזיקער ליידנ־שאַפט אויסוואַרעמען דעם וואָרעם, וואָס וועט די ליידנשאַפט פאַר־ניכטן.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. איך בין זייער גיריק צו וויסן...

וו ו ר מ. אָדער איך פאַרשטיי שלעכט דעם באַראָמעטער פון האַרצן, אָדער דער מאַיאָר איז פּונקט אַזוי שרעקלעך אין אײַפערזוכט, ווי אין ליבע. רופט בײַ אים אַרויס אַ פאַרדאַכט צום מיידל! זאָל זײַן אַפילע אָן אַ שום גרונט. ס'איז גענוג איין גראַן היִיוון, קעדיי מע זאָל די גאַנצע מאַסע ברענגען אין אַ צושטאַנד פון צעשטערנדיקער יוירונג.

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. וווּ־זשע נעמט מען דעם דאָזיקן גראַן?

וו ו ר מ. איצט זײַנען מיר דערגאַנגען צום וויכטיקסטן פּונקט. פריִער פאַר אַלץ דערקלערט מיר, אַף וויפל איר ריזיקירט, אויב דער מאַיאָר וועט זיך ניט אונטערגעבן. אַף וויפל איז פאַר אײַך וויכטיק מאַכן אַ סאָף צום ראָמאַן מיט דעם בירגערלעכן מיידל און פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן מיט דער לעדי מילפאָרד?

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. צי דאַרפסטו נאָך וועגן דעם פרעגן, וווּרם? אויב די פּאַרטיע מיט דער לעדי וועט ניט פאַרווירקלעכט ווערן, ריזיקיר איך מיט מײַן גאַנצער ווירקונג, און אויב איך וועל צווינגען דעם מאַ־יאָר, ריזיקיר איך מיט מײַן קאָפּ.

וו ו ר מ. איצטער זײַט אַזוי גוט און הערט מיך אויס. דעם הער

מאיאָר וועלנ מיר ארומשפּינען מיט פאַלשקייַט. קעגנ מיידל וועלנ מיר אָנווענדנ די גאַנצע מאכט אייַערע. מיר וועלנ איר דורכדיקטירנ א ליבע־בריוול צו א צווייטער פּערזאָנ אונ אפנ געשיקטסטנ אויפנ עס אונטערוקנ דעמ מאיאָר.

פּרעזידענט. א נאַרישער אייַנפאל! אָט טאקע באַלד וועט זי אייַנגיינ אליינ אונטערשרייַבנ איר טויט־אורטייל.

וואורמ. זי מוז אייַנגיינ דערויפ. איר באַפולמעכטיקט מיכ. איכ קענ איר גוט הארצ. בא איר זייַנען פאראנ צוויי שוואכקייַטנ, מיט וועלכע מע קאָנ באַקעמפנ איר געוויסנ — דאָס איז דער פאָטער אירער אונ דער מאיאָר. דער לעצטער וועט בלייַבנ שטיינ אָנ א זייַט, וועט אונדז דעמלט נאָכ לייַכטער זייַנ אויסנוצנ דעמ מוזיקער.

פּרעזידענט. צומ בייַשפּיל?

וואורמ. נאָכ דעמ, וואָס איר האָט מיר דערציילט וועגנ דער סצענע בא אימ אינ הויז, איז גאָר ניט שווער א דראָ טונ דעמ אלטנ מיט א קרימינעלנ געריכט. דעמ הערצאָגס באַליבטע פּערזאָנ אונ די פּערזאָנ, וואָס היט דעמ שטעמפּל, איז, קאָנ מענ זאָגנ, דער שפּיגל פונ זייַנ עקסעלענצ. באַליידיקנ דעמ פּרעזידענט איז אלצייַנס, ווי באַליידיקנ זייַנ עקסעלענצ. יעדנפאלס מיט דעמ דאָזיקנ לייַכטנ שרעק־מיטל וועל איכ אינדרייַענ צונויפדרייענ דעמ אָרעמענ מוזיקער.

פּרעזידענט. מע דארפ ניט דערפירנ די זאכ ביז ערנסט.

וואורמ. פארשטייט זיכ! מע דארפ נאָר די גאַנצע פאמיליע נעמענ אינ קלעמ! פריִער פאר אלצ וועלנ מיר שטילערהייט ארייַנזעצנ דעמ פאָטער. קעדיי זיי נאָכ מער אָנשרעקנ, קאָנ מענ נעמענ אויכ די מוטער. מירנ זיי אָנשרעקנ מיט א קרימינעלער באַשולדיקונג, מיט עשאפאָט, מיט פארזעצנ אפ אייביק אינ פעסטונג, אונ דער איינציקער באַדינג אפ באַפרייַענ אימ וועט זייַנ דער טאָכטערס בריוו.

פּרעזידענט. אויסגעצייכנט, כ׳פארשטיי!

וואורמ. זי האָט ליב דעמ פאָטער, מ׳קאָנ זאָגנ, ליידנשאפטלעכ. דאָס, וואָס זייַנ לעבנ איז אינ געפאר, אמווייניקסטנ זייַנ פרייַהייַט, די געוויסנס־ביסנ, אז זי אליינ איז אינ דעמ שולדיק, דער געדאנק, אז זי



וועט ניט קאָנענ דעראָבערנ דעמ מאיאָר, ענדלעכ דער טומל אינ קאָפּ, וועגנ וואָס איכ וועל זיכ שוינ באַמיִענ, — דאָס אלצ צוזאמענ... זי מוז ארייַנפאלנ אינ א פּאסטקע.

פּרעזידענט. אָבער מייַנ זונ? ער וועט אווּדע באַלד זיכ וועגנ אלצ דערוויסנ. דאָס וועט אימ נאָכ מער אופרעגנ.

וואורמ. דאָס גיט שוינ איבער מיר, גנעדיקער הער! דעמ פאָטער אונ די מוטער וועלנ מיר ניט ארויסלאָזנ פריִער, איידער די גאַנצע פאמיליע וועט ניט שווערנ, אז זי וועט די זאכ האלטנ בעסאָד אונ וועט באַשטעטיקנ די פעלשונג.

פּרעזידענט. א שבועה? וואָס הייסט א שבועה, דו נאר איינער?

וואורמ. פאר אונדז איז עס גאָרניט, אייַער עקסעלענצ, אָבער פאר יענעמ סאָרט מענטשנ איז עס אלצ. איצטער זעט, ווי געשיקט מיר וועלנ אזויארומ ביידע דערגרייכנ אונדזער ציל. דאָס מיידל וועט אָנווערנ דעמ מאיאָרס ליבע אונ איר גוטנ נאָמענ. דער פאָטער אונ די מוטער וועלנ אנשוויגנ ווערנ, אונ פּאַוואָלינקע וועט די דאָזיקע רייַסערייַ זיי אזוי דערנידעריקנ, אז ענדלעכ וועלנ זיי רעכענענ פאר א גרויסנ גנאָד, ווענ איכ וועל פארלייגנ דעמ מיידל צו זייַנ מייַנ פרוי אונ דערמיט צוריק אופשטעלנ איר רעפּוטאציע.

פּרעזידענט. (שאָקלט מיטנ קאָפּ אונ לאכט.) יאָ, כ׳גיב זיכ אונטער, דו האָסט מיכ איבערגעשטיגנ, שווינדלער דו! דאָס געוועב איז טייַוולאָניש פייַנ! דער שילער האָט איבערגעשטיגנ דעמ מייַסטער! איצטער איז די פראגע, וועמענ דארפ זייַנ אדרעסירט דער בריוו? מיט וועמענ דארפ מענ זי כוישעד זייַנ?

וואורמ. פארשטייט זיכ, מיט אזא מענטשנ, וואָס וועט נאָכנ באַשלוס פונ אייַער זונ אלצ געווינענ, אָדער אלצ פארלירנ.

פּרעזידענט. (נאָכ א ווייַלע טראכטנ.) איכ ווייס נאָר דעמ האָפמאַרשאל.

וואורמ. (ציט מיט די אקסלענ.) וואָלט איכ געווענ לויִזע מילער, וואָלט ער גאָר ניט אימפּאָנירט מייַנ געשמאַק.

פּרעזידענט. אונ פארוואָס ניט? ווונדערבאר! ער פארמאָגט א

גלענצנדיקן גארדעראָב, אַ אַטמאָספער פון פּארפום און מוסקוס, בּאַ יעדן וואָרט געמיינקייַט — אַ הויפן דוקאַטן. * צי דען איז ניט גענוג, אַז אָט די אַלע דעליקאַטעסן זאָלן פארדרייען דעם קאָפּ פון אַ פּאָשע־טער בּירגערן? אָ, גוטער פּרייַנט! די אייפערזוכט קלייַבּט זיך ניט אַזוי פאנאנדער. איך שיק נאָכן מארשאַל. (קלינגט.)

וווּרם. בּיז אייַער עקסעלענץ וועט זיך בּאַשעפטיקן מיט אים און בּיז איר וועט בּאַפוילן ארעסטירן דעם פידלער, וועל איך גיין צונויפ־שטעלן דעם נייטיקן ליבּע־בּריוו.

פּרעזידענט. (גייט צו צום שרייַבּ־טיש.) דו זאָלסט מיר בּרענגען אי־בּערלייענען, ווי נאָר ער וועט פארטיק זייַן. (וווּרם גייט אַוועק. דער פּרעזידענט זעצט זיך און שרייַבּט. עס קומט אַ קאַמערדינער. דער פּרעזידענט שטייט אויף און גיט אים אָפּ אַ פּאַפּיר.) דער דאָזיקער בּאַפעל וועגן ארעסט מוז גלייַך אַוועקגע־שיקט ווערן אין געריכט. אַ צווייטער קאַמערדינער זאָל גיין צום האָפּ־מארשאַל און אים בּעטן קומען צו מיר.

קאַמערדינער. דער גנעדיקער הער האָפּמארשאַל איז נאָרוואָס צוגעפאָרן.

פּרעזידענט. נאָך בּעסער — אָבּער די אַנשטאַלטן זאָלן פאָרזיכ־טיק זייַן מיטן ארעסט. זאָג זיי, אַז ס'זאָל דאָרט קיין אויפשטאַנד ניט פאָרקומען.

קאַמערדינער. זייער גוט, אייַער עקסעלענץ!

פּרעזידענט. פארשטאַנען? וואָס שטילער!

קאַמערדינער. גאַנץ גוט, אייַער עקסעלענץ! (אָפּ)

## צווייטע סצענע

דער פּרעזידענט און דער האָפּמארשאַל.

האָפּמארשאַל. (אייַלנדיק) און איך בּין צו אייַך en passant**, מייַן ליבּער! וואָס מאַכט איר? ווי פילט איר זיך? הייַנט אינאָוונט גייט די

* דוקאַט — אַ גאָלדענע מאַטבּייע.

** פארבּייַגייענדיק.



גרויסע אָפּערע „דידאָ", אַ ווּנדערבּארער פייַערווערק. די גאַנצע שטאָט וועט פּלאַקערן. איר וועט אַוודע אויך גיין אַ קוק טון? האַ?

פּרעזידענט. איך האָבּ איצט אַזויפיל פייַערווערק אין מייַן הויז, אַז ס'קאָן אויפרייַסן מייַן גאַנצע גרויסקייַט. איר זייַנט געקומען צו דער ריכטיקער צייַט, ליבּער מארשאַל — איר קאָנט מיר געבּן אַן אייצע און קאָנט ווירקלעך העלפן אין אַן איניען, וואָס וועט אונדז בּיידן אָדער ווייַט ארויסרוקן, אָדער אינגאַנצן דערהארגענען. זיצט!

האָפּמארשאַל. שרעקט מיך ניט, מייַן טייַערער!

פּרעזידענט. ווי איך האָבּ אייַך געזאָגט: אָדער ער וועט אונדז ארויסרוקן, אָדער ער וועט דערהארגענען. אייַך איז בּאַקאַנט מייַן פּראָ־יעקט וועגן מאַיאָר און דער לעדי. איר פארשטייט דאָך, ווי נייטיק ס'איז צו זיכערן אונדזער בּיידנס גליק. אַלץ קאָן פּלאַצן, קאַלבּ. מייַן פער־דינאַנד וויל ניט.

האָפּמארשאַל. וויל ניט?... וויל ניט?... איך האָבּ דאָך וועגן דעם צעפּלוידערט איבּער דער גאַנצער שטאָט! מע רעדט שוין אומעטום וועגן דעם דאָזיקן הייַראַט.

פּרעזידענט. איר קאָנט איצט איבּער דער גאַנצער שטאָט קריגן אַ שעם פון אַ ליגנער. ער האָט ליבּ אַן אַנדערע.

האָפּמארשאַל. איר שפּאַסט. שוין־זשע קאָן דאָס זייַן אַ שטער־רונג?

פּרעזידענט. די אומבּאַזיגבּארסטע שטערונג בּאַ אַזאַ אייַנגע־שפּארטן קאָפּ.

האָפּמארשאַל. צי דען איז ער אַזוי דול, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זייַן גליק! האַ?

פּרעזידענט. פרעגט בּאַ אים, און איר וועט הערן, וואָס ער ענטפערט.

האָפּמארשאַל. אָבּער mon Dieu!, וואָס קאָן ער ענטפערן?

פּרעזידענט. ער קאָן ענטפערן, אַז ער וועט פאַר דער גאַנצער וועלט אַנטדעקן אונדזער פארבּרעכן, אַדאַנק וועלכן מיר האָבּן זיך אין אַדל ארויסגערוקט, אַז ער וועט דערלאַנגען אונדזערע פאַלשע בּריוו און

באריכטן, אַז ער וועט אונדז ביידן אַרויסגעבן — אָט וואָס ער קאָן ענט־פערן!

האָפמאַרשאַל. איר זײַנט פון זינען?

פּרעזידענט. אָט דאָס האָט ער געענטפערט. ער איז שוין גרייט געווען דאָס אַלץ אויסשפּילן. איך האָב אים קאַם אָפּגערעדט אַדאַנק מײַן גרויסער דערנידערונג. וואָס וועט איר דערויף זאָגן?

האָפמאַרשאַל. (מיט אַ טעמפּן אויסדרוק אויפן פּנים.) איך קאָן גאָרניט צוטראַכטן.

פּרעזידענט. דאָס וואָלט נאָך געווען ניט אַזוי שרעקלעך. אָבער איינצײַטיק האָבן מיר געמאָלדן מײַנע שפּיאָנען, אַז דער אָפּגערעשענק פאָן־באָק איז שוין פיקס און פאַרטיק זיך שאַדכענען צו דער לעדי.

האָפמאַרשאַל. איר מאַכט מיך דול. ווער, האָט איר געזאָגט? פאָן־באָק, זאָגט איר? איר ווייסט, אַז דאָס איז מײַן פאַרביסנסטער סוי־נע? און איר ווייסט פאַרוואָס?

פּרעזידענט. דאָס הער איך דעם ערשטן מאָל.

האָפמאַרשאַל. מײַן ליבער! איר וועט הערן און איר וועט פון דער הויט שפּרינגען. איר געדענקט דעם הויפבאַל — שוין דאָס איינס און צוואַנציקסטע יאָר פון זינט — איר געדענקט, מע האָט דאַן צום ערשטן מאָל געטאַנצט דעם ענגלישן קאַדריל, און דעם גראַף מערשאָום האָט עס מיטן הייסן וואַקס פון דער ליוסטרע פאַרגאָסן די דאָמינאָ? אַך, גאָט, דאָס מוזט איר אַוודאי געדענקען.

פּרעזידענט. אַזעלכע זאַכן ווערן דען פאַרגעסן?

האָפמאַרשאַל. אָט, זעט איר! און דאָ האָט, פאַרשטייט איר מיך, אין ברען פון טאַנץ די פּרינצעסן אַמאַליע פאַרלאָרן אַ זאָקנבענדל. ס'איז געוואָרן אַן אַליאַרעם. איך און פאָן־באָק, מיר זײַנען דאַן נאָך קאַמעריונקערן געווען — מיר קריכן איבער דער גאַנצער זאַל און זוכן דאָס זאָקנבענדל. ענדלעך האָב איך עס דערזען. פאָן־באָק האָט עס באַ־מערקט, לויפט ער צו און רײַסט עס אויס פון מײַנע הענט... און שטעלט אײַך פאָר! ער דערלאַנגט עס דער פּרינצעסן און באַקומט דערפאַר אַ געפעליק שמייכעלע. וואָס וואָלט איר דערויף געזאָגט?



פּרעזידענט. פרעכהײַט!

האָפמאַרשאַל. ער נעמט בא מיר צו דאָס געפעליקע שמייכעלע. איך האָב געמיינט, איך וועל כאַלעשן. אַזאַ האָזע איז נאָך ניט געהערט געוואָרן! ענדלעך, בין איך געקומען צו זיך, בין צו צו איר דורכלײַכט און זאָג: „גנעדיקע פרוי! פאָן באָק איז געווען אַזוי גליקלעך אײַך צו דערלאַנגען דאָס זאָקנבענדל, אָבער דער, וואָס האָט עס דער ערשטער געפונען — איז שוין באַלוינט געוואָרן דערמיט אַליין, און שווײַגט".

פּרעזידענט. בראַוואָ, מאַרשאַל, בראַווויסימאָ!

האָפמאַרשאַל. און שווײַגט. אָבער איך וועל עס דעם פאָן באָק ניט פאַרגעסן ביזן שרעקלעכן געריכט. אַזאַ נידערטרעכטיקער פּויזנדי־קער כניפעניק! און דאָס איז נאָך ניט אינגאַנצן. ווי נאָר מיר האָבן זיך ביידע אַ וואָרף געטאָן אויפן דיל נאָכן זאָקנבענדל, האָט מיר פאָן באָק אויף דער רעכטער זײַט פון קאָפּ אָפּגעווישט די גאַנצע פּודער און האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט אויף דער צײַט פון גאַנצן באַל.

פּרעזידענט. אָט דאָס איז דער מאַן, וואָס וויל הייראַטן מיט דער לעדי מילפאָרד און ווערן די ערשטע פּערזאָן באַם הויף!

האָפמאַרשאַל. איר האָט מיר אַרײַנגעשטאָכן אַ מעסער אין האַרצן. ער וועט הייראַטן... ער וועט... אָבער פאַרוואָס? ווו איז דאָ די נויטווענדיקײַט?

פּרעזידענט. ווײַל מײַן פערדינאַנד וויל ניט, און קיין אַנדער באַלן איז ניטאָ.

האָפמאַרשאַל. שוין־זשע האָט איר קיין מיטל ניט, קעדיי צווינ־גען דעם מאַיאָר זיך אַנטשליסן, זאָל זײַן דאָס אומגעהערטסטע און פאַר־צווייפלטע מיטל? פאַר אונדז איז איצט ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל אונדז קאָנען אָפּשטעלן — אַבי דעם פאַרהאַסטן באָק צו שטערן.

פּרעזידענט. איך ווייס נאָר איין מיטל, און דאָס איז נאָר אָנ־באַלאַנגט פון אײַך?

האָפמאַרשאַל. פון מיר? וואָס איז עס פאַר אַ מיטל?

פּרעזידענט. דעם מאַיאָר מיט זײַן געליבטער צעקריגן און צע־שיידן.

האָפּמאַרשאַל. צעשיידן? ווי שטעלט איר זיך עס פֿאָר? און וואָס קאָן איך דאָ טון?

פּרעזידענט. מיר וועלן אַלץ אײַנאָרדענען, אויב אונדז וועט זיך נאָר אײַנגעבן זיך דערשלאָגן, ער זאָל וואַרפֿן א פֿאַרדאַכט אויף אַ מיידל.

האָפּמאַרשאַל. אין וואָס א פֿאַרדאַכט, אין גנייווע, קלערט איר?

פּרעזידענט. אָבער ניין! ווער וועט אין דעם גלייבן? ניין, א פֿאַרדאַכט, אַז זי האָט אַן אַנדער געליבטן.

האָפּמאַרשאַל. און דער אַנדערער?

פּרעזידענט. מוזט איר זײַן, באַראָן!

האָפּמאַרשאַל. דאָס מוז איך זײַן? איך? זי שטאַמט פֿון אַדל?

פּרעזידענט. צוליב וואָס? ס'אַרא אײַנפֿאַל! זי איז א מוזיקערס א טאָכטער.

האָפּמאַרשאַל. הייסט עס, א פּראָסטע בירגערן? דאָס גייט ניט, האַ?

פּרעזידענט. וואָס גייט ניט? נאַרישקײַטן! וועמען קאָן עס אײַנפֿאַלן בײַ א שיין מיידל זיך פֿאַנאַנדערפֿרעגן וועגן אָפּשטאַמונג?

האָפּמאַרשאַל. אָבער גיט א טראַכט, איך בין א באַווײַבטער! און מײַן רעפּוטאַציע באַם הויף...

פּרעזידענט. יאָ, דאָס איז עפּעס אַנדערש, אַנטשולדיקט! איך האָב נאָך ניט געוווּסט, אַז פֿאַר אײַך איז וויכטיקער צו פֿאַרבלײַבן א מענטש מיט א ציכטיקער מאָראַל, איידער א מאַן פֿון ווירקונג. לאָמיר מער דערפֿון ניט ריידן!

האָפּמאַרשאַל. הערט אויף, באַראָן, איך האָב אײַך ניט גוט פֿאַרשטאַנען.

פּרעזידענט. (קאַלט) ניין, ניין! איר זײַנט אינגאַנצן גערעכט. מיר איז עס שוין נימעס. איך שטעל אָפּ די מאַשין. זאָל דער באָק זײַן גליקלעך און ווערן פּרעמיער־מיניסטער. אַכוץ דעם הויף איז אויך פֿאַראַן א וועלט. איך וועל בעטן דעם הערצאָג, ער זאָל מיך פֿון מײַן שטעל באַפֿרײַען.

האָפּמאַרשאַל. און איך? אײַך איז גוט צו שפּאַסן! איר זײַנט



א געלערנטער! אָבער איך Mon Dieu! וואָס בין איך, ווען זײַנע דורכ־לויכט פֿאַרלאָזט מיך?

פּרעזידענט. א נעכטיקער וויץ, א פֿאַראַיאָריקע מאָדע.

האָפּמאַרשאַל. איך באַשווער אײַך, מײַן טײַערער, מײַן גאָלדענער! וואַרפֿט אַוועק דעם דאָזיקן געדאַנק! איך בין גרייט אויף אַלץ.

פּרעזידענט. ווילט איר געבן אײַער נאָמען פֿאַר א ראַנדעוווּ, וואָס די דאָזיקע מילערן וועט אײַך שריפֿטלעך באַשטימען?

האָפּמאַרשאַל. גאָט מײַנער! יאָ, איך וועל געבן.

פּרעזידענט. און דעם בריוו דאַרפֿט איר פֿאַרלירן אין אַזאַ אָרט, ווו דער מאַיאָר זאָל עס קאָנען זען.

האָפּמאַרשאַל. אַשטייגער אויפֿן פּאַראַד. איך וועל עס קלוימערשט ניט אומיסטן אַרויסוואַרפֿן באַם אַרויסנעמען דאָס נאָזטיכעלע.

פּרעזידענט. און איר וועט פֿאַרן מאַיאָר שפּילן די ראָליע פֿון אירן א געליבטן.

האָפּמאַרשאַל. Mort de ma vie* איך וועל עס שוין אָפּמאַכן! איך וועל שוין אָפּשלאָגן דעם כיישעק באַם כוצפּעניק צו שטערן מײַנע אַמורן.

פּרעזידענט. הייסט עס, איז אַלץ אין אָרדענונג! דער בריוו וועט זײַן אָנגעשריבן נאָך הײַנט. הײַנט אָפּדערנאַכט מוזט איר אַהער אַרײַנקומען צו נעמען דעם בריוו און זיך צונויפֿריידן וועגן אײַער ראָליע.

האָפּמאַרשאַל. ווי נאָר איך וועל אָפּגעבן זעכצן אויסערסט וויכטיקע וויזיטן. פֿאַרצײַט מיר, וואָס איך בלײַב ניט דאָ. (גייט אַוועק.)

פּרעזידענט. (קלינגט.) איך האָף, אַז איר וועט זײַן פֿלינק, מאַרשאַל.

האָפּמאַרשאַל. (קוקט זיך אום.) אַך, mon Dieu, איר קענט דאָך מיך!

---

* דער טויט פֿון מײַן לעבן.

## דריטע סצענע

דער פּרעזידענט און וורם.

וו ו ר ם. דעם פידלער און זײַן פרוי האָב איך גאנץ רויִק און אָן טומל ארעסטירט. ווילט איר, אײַער עקסעלענץ, דעם בריוו איבערלייענען?

פּ ר ע ז י ד ע נ ט. (נאָך דעם, ווי ער האָט איבערגעלייענט.) אויסגעצייכנט! אויסגעצייכנט, סעקרעטאר! אויך דער מארשאל האָט אָנגעהויבן צו פארשטיין. אזא גיפט, וואָס איז ענלעך צו דעם דאָזיקן, קאָן דאָס געוונטסטע לײַב פארוואנדלען אין א יאטערנדיקע קרעץ. איצט דארף מען זיך גלײַך לאָזן מיטן פאָרשלאג צום פאָטער און דערנאָך שוין זיך נעמען פאר דער טאָכטער. (צעגייען זיך אין פארשיידענע זײַטן.)

## פערטע סצענע

א צימער אין מילערס וווינונג. לויִזע און פערדינאנד.

ל ו י ִ ז ע. איך בעט דיך, הער אוף. איך גלייב מער ניט אין קיין גליקלעכע טעג. אלע מײַנע האָפענונגען זײַנען צונישט געוואָרן.

פ ע ר ד י נ א נ ד. דערפאר זײַנען מײַנע געשטיגן. מײַן פאָטער איז אופגערייצט. ער וועט קעגן אונדז אָנווענדן אלע הארמאטן, ער וועט מיך צווינגען ווערן אן אומענטשלעכער זון. איך האלט שוין מער ניט פון מײַן קינדלעכער פליכט. דער צאָרן און די פארצווייפלונג וועלן מיך צווינגען אנטדעקן די שווארצע געהיימניס פונעם מאָרד, וועלכן ער איז באגאנגען. דער זון וועט איבערגעבן דעם פאָטער אין די הענט פונעם הענקער. דאָס איז די גרעסטע געפאר. אָבער וואָס הייסט גרויסע געפאר, אויב מײַן ליבע וואגט אפ א ריזנשפרונג? הער אויס, לויִזע. מײַן הארץ דריקט א געדאנק, וואָס איז גרויס און דרייסט, ווי מײַן ליידנשאפט. דו, לויִזע, איך און די ליבע! צי געפינט זיך דען ניט דער גאנצער הימל אין דעם דאָזיקן קרײַז? אָדער דו דארפסט נאָך עפעס, נאָך א פערטע זאך האָבן?



ל ו י ִ ז ע. גענוג, הער אוף! מיך שרעקט דאָס, וואָס דו ווילסט זאָגן.

פ ע ר ד י נ א נ ד. מיר פאָדערן דאָך מער ניט פון דער וועלט. איז צוליב וואָס דארפן מיר אויסבעטלען בא איר א באגיטיקונג? צוליב וואָס דארף מען ריזיקירן דאָרטן, וווּ מע קאָן גאָרניט געווינען און מע קאָן אלץ פארלירן? וועלן דען ניט פונקט אזוי פינקלען די אויגן, ווו זיי זאָלן זיך ניט אָפשפיגלען: אין ריין אָדער אין דער עלבע, אָדער אין באלטישן יאם? מײַן פאָטערלאנד איז דאָרט, וווּ מיך ליבט מײַן לויִזע. די שפורן פון דײַנע טריט אין דער ווילדער זאמדיקער וויסטעניש זײַנען מיר טײַערער, איידער דער טעמפל אין מײַן היימלאנד. שוין־זשע וועט אונדז באנק טון די פראכטיקײַט פון די שטעט? דאָרט, וווּ מיר וועלן זײַן, לויִזע, דאָרט וועט די זון אופגיין און אויך פארגיין. און פאר דער דאָזיקער דערשײַנונג ווערן בלאס די העכסטע אָנשטרענגונגען פון קונסט! מיר וועלן ניט האָבן קיין טעמפל גאָט צו דינען! אָבער די נאכט וועט אונדז ארומרינגלען מיט באגײַסטערנדיקער טונקלקײַט: די לעוואָנע וועט אונדז פריידיקן צוריקגעהאלטנקײַט, און די גלויבנדיקע געמיינדע שטערן וועט מיט אונדז צוזאמען טפילע זאָגן. שוין־זשע קאָנען אויסגעשעפט ווערן די געשפרעכן פון ליבע? איין שמייכל פון מײַן לויִזע איז שטאָף פאר יאָרהונדערטער, און איך וועל קאם באוויזן צו דערלערנען די דאָזיקע טרערן, ביז ס'וועט זיך ענדיקן דער לעבנס־טרוים.

ל ו י ִ ז ע. און מער קיין פליכטן כוץ דײַן ליבע האָסטו ניט?

פ ע ר ד י נ א נ ד. (נעמט זי ארום.) דײַן רו — דאָס איז מײַן הייליקסטע פליכט!

ל ו י ִ ז ע. (שטארק ערנסט.) איז שווײַג און פארלאָז מיך. איך האָב א פאָטער, וואָס האָט קיין אנדער פארמעגן ניט, כוץ אָט דער טאָכטער, דער איינציקער טאָכטער — מאָרגן ווערט ער אלט זעכציק יאָר, — און ער וועט ניט אויסמײַדן דעם פרעזידענטס נעקאָמע!

פ ע ר ד י נ א נ ד. (רײַסט איבער אירע רייד.) ער וועט אונדז באגלייטן. דו דערווידער מיר ניט, מײַן ליבע. איך גיי, איך וועל מײַנע קאָסטבארע

זאכן אין געלט פארוואנדלען! איך וועל מאכן א האלוואָע אף מײַן פאָטערס נאָמען. עס איז דערלויבט א רויבער צו ראבעווען. און זײַנע אויצרעס זײַנען דען ניט קיין בלוטיק געלט פונעם פאָטערלאנד? ווען דער זייגער וועט שלאָגן האלב נאכט, וועט אהער צופאָרן א קארעטע. איר וועט זיך אהין ארײַנזעצן, און מיר וועלן אוועקפאָרן.

לויזע. און אונדז וועט נאָכיאָגן די קלאָלע פון דײַן פאָטער? אזא קלאָלע, דו אומבאטראכטער, ברענגען אפילע קיין מערדער אומזיסט ניט ארויס. דורך אזא קלאָלע קאָן די הימלשע נעקאָמע פארגרעסערן די ליידן פון א פארברעכער אפן עשאפאָט. די דאָזיקע קלאָלע וועט אונדז אומבארעכמאָנעסדיק פארפאָלגן פון יאם צו יאם! ניין, מײַן געליבטער! אויב נאָר מיט פארברעכן קאָנסטו מיך געווינען, וועט בא מיר נאָך קלעקן מוט זיך אָפּזאָגן פון דיר, דיך פארלירן.

פערדינאנד. (בלײַבט שטיל שטיין און מורמלט ביטער פאר זיך.) ווירקלעך?

לויזע. פארלירן! אָ, ווי אומגעהייער שרעקלעך איז דער געדאנק! אזוי שרעקלעך, אז ער קאָן דורכבויערן דעם אומשטערבלעכן גײַסט און קאָן אויסלעשן די פרישע פארב פון פרייד. דיך פארלירן, פערדינאנד! אָבער דאָך! מע פארלירט דאָס, איבער וואָס מע געוועלטיקט, און דײַן הארץ, פערדינאנד, געהערט דײַן שטאנד. מײַנע פאָדערונגען האָבן באטײַט פארשווערונג, לעסטערונג, קירכן־רויב—און מיט ציטער זאָג איך זיך אָפּ פון זיי.

פערדינאנד. (בײַסט די אונטערשטע ליפּ און מיט אן אויסדרוק פון טרויער.) זאָגסטו זיך אָפּ?

לויזע. ניין, גיב א קוק אף מיר, ליבער וואלטער! דו שמייכל ניט אזוי ביטער. זע! לאָז מיך דײַן שטארבנדיקן מוט מיט מײַן בײַשפּיל באלעבן. לאָז מיך זײַן די העלדן פון דעם דאָזיקן אויגנבליק—דעם פאָטער זײַן פארבלאָנדזעטן זון אומקערן, לאָז מיך זיך אָפּזאָגן פון א בונד, וואָס קאָן צעטרייסלען די גרונטן פון דער בירגערלעכער וועלט און וואָלט צעשטערט די אלגעמיינע אייביקע אָרדענונג. איך בין די פארברעכערן — פרעכע, נארישע ווונטשן האָט מײַן הארץ



אין זיך געטראָגן. מײַן אומגליק איז מײַן שטראָף! איז לאָז מיר איבער די זיסע פאַר־פירערישע אײַנרעדעניש, אז דאָס איז געווען מײַן אָפּפער. שוין־זשע וועסטו מיר אָפּזאָגן אין דעם דאָזיקן פארגעניגן?

פערדינאנד, וואָס האָט אין צעשטרײַטקייט און צאָרן געכאפּט דעם פידל און געפרוווט שפּילן, צערײַסט די סטרונעס, ווארפט אראָפּ דעם אינסטרומענט אפן דיל און צעברעכט אים, צעלאכט זיך אף א קאָל.

לויזע. וואלטער! אָ, גאָט אין הימל! וואָס איז מיט דיר? דערמונטער זיך! אין דער דאָזיקער מינוט דארף מען מוט האָבן. דאָס איז די מינוט פון צעשיידונג! דו האָסט א הארץ, ליבער, וואלטער! איך קען עס, דאָס הארץ. ווארעם, ווי דאָס לעבן, איז דײַן ליבע און אומענדלעך איז זי, ווי די וועלט אליין! דו שענק זי, דײַן ליבע, אן אדעליקער פרוי, א מער ווירדיקער. און זי וועט ניט דארפן מעקאנע זײַן די גליקלעכסטע פרויען אין דער וועלט! (האלט אײַן די טרערן.) מיט מיר דארפסטו זיך מער ניט זען. זאָל דאָס נארישע, אָפּגענארטע מיידל אויסוויינען איר צאָרן אין די עלנטע ווענט, אירע טרערן וועלן קיינעם ניט קימערן. אלץ איז פוסט און טויט אין מײַן צוקונפט, אָבער איך וועל זיך צײַטנווײַז טרייסטן מיטן פארוועלקטן קראנץ פון דער פארגאנגענהײַט. (זי ווענדעט אָפּ איר געזיכט און דערלאנגט אים איר האנט.) זײַ געזונט, הער פאָן וואלטער!

פערדינאנד. (כאפּט זיך אוף פון זײַן פארגליווערונג.) איך וועל אוועקפאָרן, לויזע, ווילסטו, ווירקלעך, מיט מיר ניט מיטפאָרן?

לויזע. (זעצט זיך אוועק אינמיטן צימער און פארדעקט דאָס פּנים מיט די הענט.) מײַן פליכט הייסט מיר בלײַבן און לײַדן.

פערדינאנד. דו לײַגסט, שלאנג איינע! עפּעס אנדערש האלט דיך דאָ.

לויזע. (מיט א טאָן פון טיפן דריקנדיקן טרויער.) איר קאָנט אײַך בלײַבן בא אײַער מיינונג. מיט איר ווערט, פילײַכט, דער אומגליק ניט אזוי שרעקלעך.

פערדינאנד. קאלטער פליכט קעגן פײַערדיקער ליבע! און מיר ווילסטו מיט דעם מײַסעלע די אויגן פארבלענדן? דו האָסט א

געליבטן, און ווי איז מיר און אים, אויב מײַן פאַרדאַכט וועט זיך באַרעכטיקן (גייט שנעל אָפּ.)

## פינפטע סצענע

לויזע אַליין.

לויזע. (בלײַבט אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך און שטיל. ענדלעך שטייט זי אויף, גייט פאָרויס און קוקט זיך אַרום מיט שרעק.) ווו זײַנען מײַנע עלטערן? דער פאָטער האָט צוגעזאָגט אין עטלעכע מינוט אַרום זיך אומקערן, און אָט זײַנען שוין אַריבער פינף שרעקלעכע שעה. צי האָט מיט אים ניט פּאַסירט עפּעס אַן אומגליק? וואָס איז מיט מיר? פאַרוואָס פאַרכאַפּט מיר אַזוי דער אָטעם? (וווּרם קומט אַרײַן אין צימער, בלײַבט שטיין אין הינטערגרונט, זי באַמערקט אים ניט.) אָבער ס'איז גאָרניש. ס'איז די שרעקלעכע שפּיל פון די אויפגערעגטע געבליטן. ווען אונדזער נעשאָמע טרינקט זיך איינמאָל אָן מיט שרעק, זעט אונדזער אויג געשפּענסטער אין יעדן ווינקל.

## זעקסטע סצענע

לויזע און דער סעקרעטאַר וווּרם.

וווּרם. (קומט צו נעענטער.) אַ גוטן אָוונט אײַך, פרײַלן.

לויזע. גאָט! ווער רעדט עס דאָ? (קערעוועט זיך אויס. דערזעט דעם סעקרעטאַר און טרעט אָפּ דערשראָקן.) שרעקלעך! שרעקלעך! מײַן שרעקלעכער פאָרגעפיל איז שוין גרייט קומען צו שטאַנד. (צום סעקרעטאַר מיט אַ בליק פון פאַראַכטונג.) איר זוכט אַוואַדע דעם פּרעזידענט! ער איז שוין דאָ ניטאָ.

וווּרם. פרײַלן, איך זוך אײַך.

לויזע. איך וווּנדער זיך, וואָס איר זײַנט ניט געגאַנגען אויפן פּלאַץ.

וווּרם. צוליב וואָס דאַרפקע אַהין?

לויזע. צונעמען אײַער קאַלע פונעם שאַנד־סלופּ.



וווּרם. פרײַלן מילער, אומזיסט קלערט איר, אַז איך...

לויזע. (ענטפערט ניט־ווילנדיק.) וואָס ווילט איר?

וווּרם. מיך האָט געשיקט אײַער פאָטער.

לויזע. (דערשראָקן.) מײַן פאָטער? ווו איז ער דען, מײַן פאָטער?

וווּרם. ער איז דאָרט, ווו ער איז גאָר ניט גערן צו זײַן.

לויזע. אום גאָטעס ווילן! גיכער! מיך כאַפּט אַרום אַ שרעקלעכער פאָרגעפיל. ווו איז מײַן פאָטער?

וווּרם. אין טורמע, אויב איר ווילט אַזוי שטאַרק וויסן.

לויזע. (הייבט אויף די אויגן צום הימל.) נאָך דאָס! נאָך דאָס אויך! אין טורמע! און פאַרוואָס איז ער אין טורמע?

וווּרם. לויטן באַפעל פון הערצאָג.

לויזע. פון הערצאָג?

וווּרם. פאַר דער באַליידיקונג פון זײַן מאַיעסטעט אין דער פּערזאָן פון זײַן פאַרטרעטער.

לויזע. וואָס? וואָס? אָ, אַלמעכטיקער גאָט!

וווּרם. מע האָט באַשטימט אים מוסטערהאַפט באַשטראָפן.

לויזע. נאָך דאָס האָט געפעלט! פאַרשטייט זיך, פאַרשטייט זיך, מײַן האַרץ האָט אויסער דעם מאַיאָר געהאַט נאָך עפּעס טײַערס. צי דען האָט מען געקאָנט עס שוינען? באַליידיקונג פון מאַיעסטעט. און פערדינאַנד?

וווּרם. ער דאַרף אויסקלײַבן: אָדער די לעדי מילפאָרד, אָדער ער ווערט פאַרפלוכט און פאַרלירט די רעכט פון זון.

לויזע. אַ שרעקלעכע פרײַהײַט! און דאָך — דאָך איז ער גליקלעכער, אים שטייט ניט פאָר צו פאַרלירן דעם פאָטער. כאָטש ניט האָבן קיין פאָטער איז שוין אַ גרויסער אומגליק! מײַן פאָטער באַשולדיקט מען אין באַליידיקונג פון זײַן מאַיעסטעט. מײַן געליבטן שטייט פאָר די לעדי אָדער פלוכט און פאַרלוסט. ס'פעלט נאָר איין זאַך... ווו איז די מוטער?

וווּרם. אין אַרבעט־הויז.

לויזע. (מיט אַ ביטערן שמייכל.) איצטער אַלץ — אַלץ! און איצטער בין

איך פרײַ, פרײַ פונ אלע פליכטנ, פונ טרערנ, פונ פריידנ, פרײַ פונ גאָטס אופזיכט. אונ צוליב וואָס דארפ איך עס איצטער האָבנ? (א שרעקלעכ שטילשווײַגנ.) האָט איר עפשער נאָכ עפּעס מיטצוטיילנ? זאָגט, איצט קאָנ איך אלצ אויסהערנ.

ווורמ. וואָס האָט פּאסירט, ווייסט איר דאָכ שוינ.

לויזע. אָבער וואָס ס'וועט פּאסירנ ווייס איך ניט. (א שטילשווײַגנ. זי באטראכט ווורמענ פונ קאָפּ ביז פוס.) אָרעמער מענטש! איר פארמאָגט א טרויעריקע פּראָפעסיע. מיט אָט דער פּראָפעסיע איז אומעגלעכ זײַנ גליקלעכ. מאכנ אנדערע אומגליקלעכ — דאָס איז שרעקלעכ, אָבער קומענ אונ פּאַרויס זאָגנ דעמ אומגליק—דאָס איז העסלעכ... קראקענ, ווי א קראָ, צוקוקנ, ווי דאָס פארבלוטיקטע הארצ ציטערט אינ די אײַזערנע צוואנגענ פונ נויטווענדיקײַט, צוזענ, ווי קריסטנ צווייפלענ אינ גאָט. זאָל מיכ גאָט באהיטנ! ווענ מע זאָל מיר פאר יעדער טרער מײַנער, וואָס איר זעט, געבנ א פעסל גאָלד—וואָלט איכ ניט געוואָלט זײַנ אפ אײַער אָרט. וואָס־זשע קאָנ נאָכ פּאסירנ?

ווורמ. כ'ווייס ניט.

לויזע. איר ווילט עס ניט וויסנ! אָט די נאכריכט, וואָס האָט מוירע פאר שײַנ, האָט אויכ מוירע פארנ קלאנג פונ ווערטער. אָבער אינ דער טויטער שטילקײַט פונ אײַער פּאָנעמ זע איכ א שרעקלעכנ געשפּענסט. וואָס־זשע בלײַבט נאָכ? איר האָט געזאָגט: דער פירשט וויל ווי געהעריק, מוסטערהאפט באשטראָפנ? וואָס־זשע הייסט, לויט אײַער מיינונג, מוסטערהאפט?

ווורמ. דערפרעגט זיכ בא מיר ניט מער.

לויזע. הערט אויס! איר האָט געמוזט זיכ לערנענ בא א הענקער. אנדערש וואָלט איר ניט געקאָנט אזוי שטיל אונ פּאָרזיכטיק פירנ מיט אײַזנ איבער די צעבראָכענע גלידער אונ רייצנ דאָס פארכאלעשטע הארצ מיט א לײַכטנ ריר פונ ראכמאָנעס. וואָס פאר א גורלווארט אפ מײַנ פאָטער? אינ אײַער שמייכלע זע איכ—טויט. פארוואָסזשע ווילט איר עס ניט ארויסזאָגנ? רעדט! וואלגערט אפ מיר מיטאָמאָל ארופ די גאנצע דריקנדיקע לאסט. וואָס דערווארטעט מײַנ פאָטער?



ווורמ. א קרימינעלער פּראָצעס.

לויזע. וואָס הייסט עס? איכ ווייס גאָרנישט. איכ בינ אנ אומשולדיק באשעפעניש, איכ פארשטיי ניט די דאָזיקע שרעקלעכע לאטײַנישע ווערטער... וואָס הייסט קרימינעלער פּראָצעס?

ווורמ. א געריכט אפ לעבנ אונ טויט.

לויזע. (אנטשיידנ.) איכ דאנק אײַכ. (לויפט אוועק אינ צווייטנ צימער.)

ווורמ. (אינ פארלעגנהײַט.) וואָס הייסט עס? שוינ־זשע האָט דאָס נארישע מיידל פארטראכט... צומ טײַוול! ס'קאָנ ניט זײַנ. איכ וועל איר נאָכלויפנ—איכ בינ פאראנטוואָרטלעכ פאר איר לעבנ. (וויל גיינ נאָכ לויזענ.)

לויזע. (קערט זיכ אומ מיט א מאנטל אפ די פּלייצעס.) אנטשולדיקט מיר, הער ווורמ! מע דארפ פארשליסנ די טיר, איכ גיי אוועק.

ווורמ. ווּהינ אײַלט איר זיכ אזוי?

לויזע. צומ הערצאָג. (וויל גיינ.)

ווורמ. וואָס? ווּהינ? (האלט זי אָפּ דערשראָקנ.)

לויזע. צומ הערצאָג. איר הערט דענ ניט? צו דעמ זעלבנ הערצאָג, וועלכער וויל הייסנ אורטיילנ מײַנ פאָטער אפ לעבנ אונ טויט... ניינ! ניט ער וויל עס—ער מוז הייסנ אורטיילנ, ווײַל דאָס ווילנ אייניקע מערדער. אינ אָט דעמ גאנצנ פּראָצעס פונ באליידיקנ זײַנ עקסעלענצ נעמט דער הערצאָג אנ אָנטייל בלויז מיט זײַנ קייזערלעכער ווירדע אונ מיט זײַנ קייזערלעכער אונטערשריפט.

ווורמ. (לאכט בייז.) צומ הערצאָג!

לויזע. איכ ווייס, פארוואָס איר לאכט. אָבער איכ גיי אהינ ניט מיט קיינ האָפענונג אפ גנאָד—גאָט באהיט מיכ! איכ וויל אימ בלויז אופרודערנ מיט מײַנ געשריי. איכ האָב געהערט, אז גרויסע לײַט ווייסנ נאָכ ניט, וואָס אזוינס איז אומגליק—זיי ווילנ ניט וויסנ. איכ וועל אימ דערציילנ וואָס אזוינס איז אומגליק, איכ וועל אימ אינ טויט־קראמפּנ פאָרשטעלנ, וואָס אזוינס איז אומגליק. פונ מײַנע קרעכצנ, וואָס דרינגענ ארײַנ אינ מארכ פונ די ביינער, וועט ער זיכ דערוויסנ, וואָס הייסט אומגליק. אונ ווענ נאָכ מײַנ דערציילונג וועלנ זיכ בא אימ

שטעלן קאפויר די האָר אפן קאָפּ, וועל איך אים אין אויער אַרײַנ־שרײַען, אז אפן טויטן־בעט קרעכצן אין אנגסטן אויך ערדישע געטער, און אז אפן שרעקלעכן געריכט וועלן זיך צונויפמישן אי פירשטן, אי בעטלער. (וויל אוועקגיין.)

ווּרם. (מיט בייזער האנאָע) גייט, גייט! בעסער האָט איר ניט געקאָנט צוטראכטן. איך אייצע אײַך גיין, און איך גיב אײַך דאָס וואָרט, אז דער הערצאָג וועט אײַנשטימען.

לויִזע. (שטעלט זיך מיטאמאָל אָפּ.) וואָס האָט איר געזאָגט? איר אליין אייצעט עס מיר! (קערט זיך שנעל צוריק.) וואָס־זשע טראכט איך? אויב אָט דער מענטש אייצעט מיר, מוז עס זײַן עפּעס שרעקלעכס. פאר־וואָס מיינט איר, אז דער הערצאָג וועט אײַנשטימען?

ווּרם. פארשטייט זיך, ניט אומזיסט.

לויִזע. ניט אומזיסט? ווי טײַער פארקויפט ער זײַן גנאָד?

ווּרם. אזא שיין מיידל האָט דאָך עפּעס די ווערט!

לויִזע. (שטייט פארגליווערט, דערנאָך מיט א ציטערנדיקער שטים.) גאָט מײַנער!

ווּרם. איך רעכן, אז דאָס איז ניט צו טײַער, ווען מע דארף ראטעווען דעם פאָטער.

לויִזע. (אויכער זיך, גייט איבערן צימער.) יאָ, יאָ! דאָס איז ריכטיק, זיי זײַנען באשיצט, אונדזערע הויכע הערשער—זיי זײַנען באשיצט פאר־נעם עמעס דורך זייערע זינד, ווי דורך די שווערדן פון די מלאָכים. זאָל דיר גאָט ארויסהעלפן, פאָטער! דײַן טאָכטער וועט גיכער שטארבן פאר דיר, איידער זינדיקן.

ווּרם. פאר דעם אומגליקלעכן פארלאָזטן פאָטער וועט עס זײַן א נײַס. „מײַן לויִזע, חאָט ער געזאָגט, האָט פארמינערט מײַן ווערט, און זי וועט מײַן ווערט דערהויבן". איך וועל גיין איבערגעבן אײַער ענטפער, פרײַלן לויִזע. (קלײַבט זיך קלוימערשט אוועקגיין.)

לויִזע. (לויפט אים נאָך, פארהאלט אים.) פארבלײַבט, פארבלײַבט!.. געדולד! ווי פלינק דער דאָזיקער טײַוול איז, ווען ער וויל יענעם דול מאכן. רעד־זשע! ראָט מיר! וואָס קאָן איך, וואָס דארף איך טון?

ווּרם. ס'איז פאראן נאָר איין מיטל.



לויִזע. אין וואָס באשטייט ער, דער מיטל?

ווּרם. אויך אײַער פאָטער פארלאנגט עס...

לויִזע. אויך מײַן פאָטער? וואָס איז עס פאר א מיטל?

ווּרם. אײַך איז עס לײַכט אויסצופירן.

לויִזע. פאר מיר איז שוין ניטאָ קיין שווערערע זאך, ווי שאנד.

ווּרם. ווען איר וואָלט דעם מאיאָר באפרײַט...

לויִזע. פון זײַן ליבע? איר שפּעט איבער מיר? איר גיט איבער אין מײַן גוטן ווילן דאָס, צו וואָס איך בין געצוווּנגען.

ווּרם. ניט אזוי האָב איך געמיינט, ליבע לויִזע! דער מאיאָר מוז דער ערשטער און פרײַוויליק זיך דערפון אָפּזאָגן.

לויִזע. ער וועט עס ניט טון.

ווּרם. עס ווײַזט זיך אײַך אויס. מע וואָלט זיך צו אײַך ניט געווענדעט, ווען איר אליין וואָלט דאָ ניט געקאָנט העלפן.

לויִזע. צי קאָן איך אים צווינגען, ער זאָל מיר האסן?

ווּרם. מיר וועלן פרוּוון. זעצט זיך!

לויִזע. (אין שרעק.) מענטש, וואָס האָסטו פארקלערט?

ווּרם. זעצט זיך און שרײַבט! דאָ האָט איר א פען, פּאפיר און טינט.

לויִזע. (זעצט זיך שטארק אומרויִק.) וואָס זאָל איך שרײַבן? און וועמען זאָל איך שרײַבן?

ווּרם. צו אײַער פאָטערס הענקער.

לויִזע. אָ, ביסט עס א מײַסטער אפּ פּײַניקן הערצער! (נעמט די פען.)

ווּרם. (דיקטירט.) „גנעדיקער הער"...

לויִזע. (שרײַבט מיט א ציטערנדיקער האנט.)

ווּרם. „שוין דרײַ אומדערטרעגלעכע טעג זײַנען אריבער—זײַנען אריבער—און מיר האָבן זיך ניט געזען".

לויִזע. (שטעלט זיך אָפּ און לייגט אוועק די פען.) צו וועמען איז דער בריוו?

ווּרם. צו אײַער פאָטערס הענקער.

לויִזע. אָ, גאָט מײַנער!

וואָרמ. „היט זיכ פארנ מאיאָר, וואָס שפּירט מיר נאָכ א גאנצנ טאָג, ווי ארגוס“.

לויִזע. (שפּרינגט אופ.) דאָס איז אנ אומגעהערטער שווינדל! צו וועמענ איז דער בריוו?

וואָרמ. צו אײַער פאָטערס הענקער.

לויִזע. (גייט הינ אונ צוריק איבערנ צימער, ברעכט די הענט.) ניינ! ניינ! ניינ! דאָס איז טיראניש. אָ, גאָט! שטראָף מענטשנ מענטשלעכ, ווענ זיי רעגנ דיכ אופ, אָבער צוליב וואָס דארפ מענ מיכ ארײַנשלײַדערנ צווישנ צוויי שוידערלעכע אומגליקנ, איכ זאָל זיכ וואקלענ צווישנ טויט אונ שאנד? צוליב וואָס דארפ מענ מיר אפ די אקסל ארופזעצנ אזא טײַוול, אזא בלוטזויגער פונ געהענעמ? טוט, וואָס איר ווילט, איכ וועל מער ניט שרײַבנ.

וואָרמ. (נעמט זיכ פארנ הוט.) ווי איר ווילט, פרײַלנ, דאָס הענגט אָפּ פונ אײַער גוטנ ווילנ.

לויִזע. פונ מײַנ גוטנ ווילנ, זאָגט איר, פונ מײַנ גוטנ ווילנ? גיי, בארבאר, גיי הענג אופ אנ אומגליקלעכנ איבער דעמ אָפּגרונט פונ גענעמ, בעט בא אימ עפּעס, לעסטער גאָט אונ פרעג אימ, צי דאָס הענגט אָפּ פונ זײַנ גוטנ ווילנ. אָ, דו ווייסט גוט, אז נאטירלעכע סימפּאטיעס האלטנ אונדזער הארצ שטארקער, ווי קייטנ! איצט איז מיר אלצייגנס! דיקטירט ווײַטער! איכ קלער שוינ מער ניט. איכ גיב זיכ איבער דער טײַוולאָנישער אינטריגע. (זעצט זיכ ווידער.)

וואָרמ. „א גאנצנ טאָג היט ער מיכ, ווי ארגוס“ — שוינ אָנגעשריבנ?

לויִזע. ווײַטער! ווײַטער!

וואָרמ. „נעכטנ איז בא אונדז אינ הויז געווענ דער פּרעזידענט. ס'איז לעכערלעכ געווענ צו זענ, ווי דער מאיאָר האָט פארטיידיקט מײַנ ערע“.

לויִזע. וווּנדערבאר! וווּנדערבאר! אויסגעצייכנט! זעצט פאָר!

וואָרמ. „איכ האָב געמוזט אויסנוצנ די אָנמאכט, קעדיי זיכ ניט צעלאכנ“.



לויִזע. אָ, הימל!

וואָרמ. „אָבער די מאסקע איז מיר שוינ אומדערטרעגלעכ — אומדערטרעגלעכ — ווענ איכ וואָלט זיכ נאָר געקאָנט באפרײַענ“.

לויִזע. (שטעלט זיכ אָפּ, הייבט זיכ אופ, גייט איבערנ צימער מיט אנ ארא̈פּגעלאָזטנ קאָפּ, ווי זי וואָלט געזוכט עפּעס אפנ דיל, דערנאָכ זעצט זי זיכ ווידער, שרײַבט ווײַטער.) „געקאָנט זיכ באפרײַענ“.

וואָרמ. „מאָרגנ איז ער פארנומענ אפנ דינסט. שפּירט נאָכ, ווענ ער וועט פונ מיר אוועקגיינ, אונ קומט אפנ באוווּסטנ אָרט“... האָט איר שוינ אָנגעשריבנ „באוווּסטנ“?

לויִזע. אָנגעשריבנ.

וואָרמ. „אפנ באוווּסטנ אָרט צו אײַער צערטלעכער... לויִזע“.

לויִזע. איצט פעלט נאָכ דער אדרעס.

וואָרמ. „צומ הער האָפמארשאל פאָנ קאלב“.

לויִזע. אייביקער גאָט! דער דאָזיקער נאָמענ איז פונקט אזוי פרעמד מײַנע אויערנ, ווי די דאָזיקע שורעס זײַנענ פרעמד מײַנ הארצנ. (זי שטייט אופ אונ א לאנגע ווײַלע באטראכט זי מיט א פארגליווערטנ בליק דאָס אָנגעשריבענע. ענדלעכ דערלאנגט זי עס דעמ סעקרעטאר אונ זאָגט מיט א שווערער, צעבראָכענער שטימ.) נעמט עס, מײַנ הער. דאָס איז מײַנ ערלעכער נאָמענ, דאָס איז פערדינאנד, דאָס איז דאָס גאנצע גליק פונ מײַנ לעבנ, אונ דאָס אלצ גיב איכ איבער אינ אײַערע הענט — איכ בינ א בעטלערנ!

וואָרמ. אָ, ניינ, פאלט בא זיכ ניט ארא̈פּ, ליבע פרײַלנ! איכ האָב הערצלעכ מיטלייד צו אײַכ. עפּשער — ווער ווייסט? איכ וואָלט געקאָנט ניט לייגנ קיינ אכט אפ אייניקע זאכנ. ריכטיק? איכ שווער בא גאָט, איכ האָב מיטלייד צו אײַכ!

לויִזע. (קוקט אפ אימ מיט אנ אומבאוועגלעכנ דורכדרינגענדיקנ בליק.) איר דארפט ניט ענדיקנ, מײַנ הער, איר ווינטשט זיכ, ווײַזט אויס, עפּעס שרעקלעכס.

וואָרמ. (וויל איר א קוש טונ אינ דער האנט.) שרעקלעכס? אונ לאָמיר זאָגנ, ווענ איכ זאָל בא אײַכ בעטנ אָט דאָס שיינע הענטל, וואָס וואָלט איר געזאָגט, ליבע פרײַלנ?

לויזע. (גרויזאם און פֿײַערלעך.) איך וואָלט דיך דערשטיקט אין דער ערשטער נאַכט פֿון אונדזער הײַראַט, און איך וואָלט דערנאָך מיט פֿאַרגעניגן מײַן קערפּער אָפּגעגעבן די הענקער. (זי וויל אוועקגיין, קומט אָבער גיך צוריק.) זײַנען מיר שוין פֿאַרטיק, מײַן הער? קאָן די טויב שוין פֿליִען?

ווורם. נאָך איין קלייניקײַט, פֿרײַלן. איר וועט גיין מיט מיר און וועט שווערן, אַז דער דאָזיקער בריוו אײַערער איז אָנגעשריבן פֿרײַוויליק.

לויזע. גאָט! גאָט! און דו אליין וועסט מיט דײַן שטעמפּל באַשטעטיקן די דאָזיקע טײַוואָלאָנישע אַרבעט? (ווורם פֿירט זי אוועק.)

---

# פערטער אקט

א זאל באם פרעזידענט.

## ערשטע סצענע

פערדינאנד פאָן־וואלטער מיט א געעפנטן בריוו אין דער האנט קומט שטורמיש ארײַן דורך איין טיר, דורך דער צווייטער קומט א קאמערדינער.

פערדינאנד. דער מארשאל איז דאָ ניט געווען?

קאמערדינער. הער מאיאָר, דער הער פרעזידענט פרעגט אף אײַך.

פערדינאנד. צו אלדע רוכעס! איך פרעג, צי איז דאָ ניט געווען דער מארשאל?

קאמערדינער. דער גנעדיקער הער זיצט אויבן באם קאָרטנטיש.

פערדינאנד. דער גנעדיקער הער זאָל אין נאָמען פון גאנצן גענעם אהער קומען! (קאמערדינער גייט אוועק.)

## צווייטע סצענע

פערדינאנד. (אליין. לייענט אפגיך איבער דעם בריוו, שטעלט זיך אָפּ ווי פארגליווערט, לויפט ווידער צאָרנדיק ארום איבערן צימער.) דאָס איז אומעגלעך! אין אזא הימלשער הילע קאָן זיך ניט געפינען אזא טײַוואָלאָניש הארץ. און דאָך! דאָך! ווען אלע מאלאָכים וואָלטן פון הימל אראָפּ און וואָלטן דערוויזן איר אומשולד, ווען דער הימל און די ערד, ווען די שאפונג און דער שעפער וואָלטן זיך פאראייניקט און וואָלטן דערוויזן איר אומשולד!

עס איז אָבער איר האַנט — אַן אומגעהערטער, אַ טײַוולאָנישער שווינדל, וואָס די מענטשהײַט האָט נאָך ניט געזען! איז אָט פאַרוואָס זי איז געווען אַזוי אײַנגעשפּאַרט און ניט געוואָלט אײַנשטימען אַנטלויפן! אָט פאַרוואָס... גאָט מײַנער! איצט ערשט כאַפּ איך זיך אויף פון מײַן שלאָף. אַלץ ווערט מיר איצט קלאָר! אָט פאַרוואָס זי האָט מיט אַזאַ העלדישקייט זיך אָפּגעזאָגט פון אירע רעכט אויף ליבע, און איך בין גרייט געווען גלייבן אָט דער שווינדלערן מיט דעם הימלשן אויסזען! (גייט שנעל איבערן צימער, שטעלט זיך אָפּ און פאַרקלערט זיך.) אַזוי טיף פאַרשטיין מיך! ענטפערן אויף יעדער דרייסטן געפיל, אויף יעדער לײַכטן ציטער, אויף יעדער פײַערדיקן דראַנג; פאַרשטיין יעדער ריר פון מײַן האַרצן לויט די דינסטע, זיך ענדערנדיקע קלאַנגען; יעדער טרער מײַנע באַרעכענען, מיר נאָכגיין אויף די גרויזאַמסטע בערג פון ליידנשאַפט, מיך באַגעגענען אויף יעדער געפערלעכן שווינדלענדיקן באַרג־שטורץ... גאָט, גאָט! און דאָס אַלץ איז געווען בלויז אַ קאָמעדיע! אַ קאָמעדיע! אָ, ווען ליגן האָט אַזאַ פעסטע פאַרב, ווי־זשע איז עס געשען, אַז קיין איין טײַוול איז נאָך ניט דורכגעדרונגען אין גאַניידן? ווען כ׳האָב איר אַנטדעקט, וואָס פאַר אַ געפאַר עס שטייט פאַר אונדזער ליבע, ווי איבערצײַגנד איז זי בלאַס געוואָרן, די דאָזיקע שווינדלערן! מיט וואָס פאַר אַ ווירדע האָט זי באַגעגנט די כוצפּעדיקע אָפּשפּעטונג פון מײַן פאָטער, און אין דער זעלבער צײַט האָט זי זיך אַנערקענט פאַר שולדיק. האָט זי דען ניט אויסגעהאַלטן דעם לעצטן פײַערפּרוּוו אויף גערעכטיקײַט? זי איז דאָך געפאַלן אין אָנמאַכט! אָ, געפיל, אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך וועסטו איצט ריידן? אויך קאָקעטקעס פאַלן אין אָנמאַכט. מיט וואָס וועסטו זיך באַרעכטיקן, דו אומשולד? אויך אויסגעלאַסענע פרויען פאַלן אין אָנמאַכט. זי ווייסט, וואָס זי האָט פון מיר געמאַכט. זי האָט געזען דאָס גאַנצע האַרץ מײַנס. אין מײַנע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט מײַן גאַנץ האַרץ, ווען איך האָב זיך געריטלט פונעם ערשטן קוש. און זי האָט גאָרנישט ניט געפילט? עפּשער האָט זי גאָר געפילט דעם טריומף פון איר קונסט? און איך אין גליקלעכן אומזין האָב אין איר ווען דעם גאַנצן הימל געמיינט אַרומנעמען? מײַנע ווילדסטע פאַרלאַנגען האָבן געשוויגן! מײַן געמיט האָט קיין אַנדער געדאַנק ניט



געהאַט כוץ די אייביקייט און דאָס מיידל. אָ, גאָט! האָט זי גאָרנישט ניט געפילט? גאָרנישט ניט געפילט כוץ דעם, וואָס איר פּלאַן איז איר געלונגען? גאָרנישט ניט געפילט כוץ איר אייגענעם רייץ? טויט און נעקאָמע! גאָרנישט ניט געפילט כוץ דעם, אַז איך בין אָפּגענאַרט?

## דריטע סצענע

פערדינאַנד, דער האָפמאַרשאַל.

ה א ָ פ מ א ַ ר ש א ַ ל. (פליט אַרײַן אין צימער.) איר האָט אויסגעדריקט אַ ווונטש מיך זען, מײַן ליבער!

פ ע ר ד י נ א ַ נ ד. (בורטשעט פאַר זיך.) אַ ווונטש דעם שווינדלער דעם קאַרק צעברעכן. (הויך) מאַרשאַל, דער דאָזיקער בריוו איז, ווײַזט אויס, באַם פּאַראַד בײַ אײַך פון קעשענע אַרויסגעפאַלן. און איך (מיט אַ בייזן געלעכטער) האָב געהאַט דאָס גליק אים געפינען.

ה א ָ פ מ א ַ ר ש א ַ ל. איר?

פ ע ר ד י נ א ַ נ ד. אַ שיינער צופאַל... מאַכט אַן ענדע. געזעגנט זיך מיט אײַער לעבן.

ה א ָ פ מ א ַ ר ש א ַ ל. איר דערשרעקט מיך, באַראָן!

פ ע ר ד י נ א ַ נ ד. לייענט! לייענט! (גייט אָפּ פון אים. בײַס יענער לייענט, גייט ער צו צו דער וואַנט און נעמט פון דאָרטן אַראָפּ צוויי פּיסטאָלעטן.)

ה א ָ פ מ א ַ ר ש א ַ ל. (וואַרפט דעם בריוו אויפן טיש און וויל אַנטלויפן.) פאַרפלוכט זאָל עס ווערן!

פ ע ר ד י נ א ַ נ ד. (פירט אים צוריק באַם אָרבל.) געדולד, ליבער מאַרשאַל! די מיטיילונג איז, ווײַזט אויס, אַן אָנגענעמע. איר דאַרפט מיר באַצאָלן פאַר דעם געפינענעם... (דאָ באַווײַזט ער אים די פּיסטאָלעטן.)

ה א ָ פ מ א ַ ר ש א ַ ל. (טרעט דערשראָקן אָפּ צוריק.) פאַרלירט דאָך ניט דעם קאָפּ, ליבער...

פ ע ר ד י נ א ַ נ ד. (מיט אַ שטאַרקער, שרעקלעכער שטים.) איך האָב נאָך גענוג קאָפּ דערויף, כ׳זאָל אַזאַ שעלמע, ווי דו, אָפּשיקן אויף יענער וועלט. (ער גיט אים מיט גוואַלד אַ פּיסטאָלעט און נעמט אַרויס אַ נאָז־טיכל.) נעמט! האַלט זיך פאַר דעם נאָז־טיכל! דאָס טיכל האָב איך פון איר.

האָפמארשאל. דורך דעם נאָז־טיכל? איר זײַנט דול? וואָס האָט איר עס צוגעטראכט?

פערדינאנד. האלט זיך פאר דעם עק, זאָג איך, אנדערש וועסטו ניט טרעפן, דו האָז! זע נאָר, ווי ער ציטערט, דער האָז! דו דארפסט דאנקען גאָט, האָז איינער, וואָס צום ערשטן מאָל אין לעבן וועט בא דיר אין שארבן עפּעס וואָס זײַן. (האָפמארשאל לויפט אוועק.) ווארט אויס! דאָס וועל איך דיר פארבאָטן! (ער דעריאָגט אים און פארריגלט די טיר.)

האָפמארשאל. אין צימער, בּאראָן?

פערדינאנד. צי לוינט עס מיט דיר גיין ערגעץ ווײַטער! דער שאָס וועט זיך דאָ הערן שטארקער, און דאָס וועט זײַן דער איינציקער גערויש, וואָס דו האָסט געמאכט אף דער וועלט. ציל זיך אָן!

האָפמארשאל. (ווישט זיך דעם שטערן.) און איר ווילט שטעלן איַנ געפאר אײַער לעבן, האָפענונגס־פולער יונגערמאן!

פערדינאנד. ציל זיך אָן, זאָג איך! איך האָב אף דער וועלט שוין מער ניט וואָס צו טון.

האָפמארשאל. דערפאר האָב איך נאָך דאָ וואָס צו טון, בעסטער באראָן!

פערדינאנד. דו, יאָלד, האָסט וואָס צו טון? דו... קאָנסט א לאָך פארשטעקן דאָרטן, ווו פון טאָג צו טאָג ווערט אלץ ווייניקער באלאָנים? קאָנסט זיבן מאָל אין טאָג זיך צונויפקאָרטשען און זיבן מאָל זיך אויסגלײַכן, ווי א שמעטערלינג אף א נאָדל? פירן א רעיעסטער, וויפל מאָל ס׳האָט אים אָפּגעפּירט, דײַן הער, און דינען אלס א ציל־ברעט פאר זײַנע שפּאַסערײַען? איז דען ניט אלציינס, אויב איך וועל די מיטפירן מיט זיך ווי א זעלטענע כײַע. ווי א היימישע געלערנטע מאלפּע, וועסטו טאנצן אונטער דעם הוילן פון די פארורטיילטע, דערלאנגען און זיך שטעלן אף אלע פיר, און מיט דײַנע הויפ־קונסט וועסטו פריילעך מאכן די אייביקע פארצווייפלונג.

האָפמארשאל. וואָס איר וועט נאָר באפעלן, הער! וואָס אײַך וועט זיך נאָר פארוועלן — לייגט נאָר אוועק די פּיסטאָלעטן.

פערדינאנד. ווי ער ציטערט עס, דער אומגליקלעכער! דו ביסט



געבוירן געוואָרן, דוכט זיך, צו זײַן די שאנד פונעם זעקסטן טאָג פון שאפונג! אזויווי ניט גאָט האָט דיך באשאפן, נאָר עפּעס א שווינדלער האָט דיך נאָכגעמאכט! א שאָד נאָר, א שאָד די אונציע געהירן, וואָס פילט זיך אזוי ניט גוט אין דײַן אומדאנקבארן שארבן! די דאָזיקע איינציקע אונציע, ווען מע גיט זי צו צו די געהירן פון א פאוויאן, וואָלט ער געוואָרן אן עמעסער מענטש, און איצט איז דער געהירן אן אייבעריקער געשוויר. און מיט אזא מין פארשוין, ווי דו, קאָן זי איר הארץ טיילן? אומגעהייער. אומפאראנטוואָרטלעך! אזא פּאָשעט ווערן איז, דוכט זיך, גיכער געשאפן געוואָרן, קעדיי אָפּוועגדן פון זינד, איידער צוציען.

האָפמארשאל. אָ, גאָט, ער הייבט אָן זיך וויצן!

פערדינאנד. איך וועל אים שוינען. די טאָלעראנץ, וואָס שוינט א ווערעמל, זאָל אויך אף זײַן כיילעק אָנקומען. באגעגענענדיק זיך מיט אים, וועט עמעצער א קנייטש טון מיט די אקסל און וועט זיך פארוואונדערן עפּשער איבער דער קלוגער ווירטשאפט פון דער נאטור, וואָס שפּײַזט אייניקע באלעכאימ מיט מיסט און מיט בלאָטע, וועלכע גרייט צו א מיטיק דעם ראָב אף דער טליע, און דעם הויפמאן גרייט זי שפּײַז אין שמוץ באַם טראָן. ער וועט זיך כידעשן איבער דעם פּאָרויסזען פון דעם אייבערשטנס האשגאָכע, וואָס אויך אין דער וועלט פון גײַסטער האלט ער אויס טאראנטולן און שלענג אף לאָזן גיפט. אָבער (פאלט ווידער ארײַן אין צאָרן.) צו מײַן בלום זאָל זיך אָט די מיעסקײַט ניט אָנרירן, אָדער איך וועל זי (כאפּט אָן דעם מארשאל פארן אקסל און טרייסלט אים.) צעקוועטשן און ארויסטרייסלען פון איר די נעשאָמע.

האָפמארשאל. (קרעכצט שוואך.) אָ, מײַן גאָט! ווי גייט מען פון אים אוועק? פאר הונדערט מײַל פונדאנען, אין דעם פאריזשער דול־הויז — אין ביסעטר, אבי ניט בא אים אין די הענט!

פערדינאנד. דו, שווינדלער, אויב זי האָט שוין פארלוירן איר אומשולד, אויב דו האָסט גענאָסן דאָרט, ווו איך האָב געציטערט אין ערנפורכט... (צאָרנדיק) דו האָסט דײַן טײַוועלש באפרידיקט דאָרטן, ווו איך האָב געפילט, ווי א גאָט... (מיטאמאָל ווערט ער אנשוויגן, דערנאָך זעצט

-ער פאר מיט א שרעקלעכער שטים.) דו וואָלסט בעסער געווען, שווינדלער, זיך זוכן א באַהעלטעניש אין גענעם, איידער זיך אפּן הימל באַגעגענען מיט מײַן צאָרן. ווי ווײַט איז עס בײַ דיר דערגאַנגען מיטן מיידל? זײַ זיך מודה!

האָפּמאַרשאַל. לאָזט מיך אָפּ, איך וועל אַלץ דערציילן.

פערדינאַנד. אָ, ס'איז אַוואַדע אַסאַך אָנגענעמענער צו זײַן א געליבטער פון דעם דאָזיקן מיידל, איידער מיט אַן אַנדערער צו טרוימען וועגן הימל־זאַכן. ווען זי וואָלט געוואָלט זײַן אויסגעלאַסן, ווען זי וואָלט געוואָלט — וואָלט זי דאָך געקאָנט די ווערט פון איר נשמה פאַרמינערן און די טוגנד אין טײַוולע פאַרוואַנדלען. (שטעלט צו דעם פּיס־טאָלעט צום מאַרשאַלס ברוסט.) ווי ווײַט איז עס בײַ דיר פאַרגאַנגען מיט איר? זײַ זיך מודה, אָדער איך דריק אָן דאָס צינגל!

האָפּמאַרשאַל. ס'איז גאָרנישט, ס'איז גאָרנישט ניט געווען! וואַרט אויס א מינוט, מע האָט אײַך אָפּגענאַרט.

פערדינאַנד. און דו מאַכסט מיר אויף די אויגן, דו מערדער? ווי ווײַט איז עס בײַ אײַך פאַרגאַנגען? זאָג, אַניט וועל איך דיך דערהאַרגענען.

האָפּמאַרשאַל. Mon Dieu! גאָט מײַנער! איך זאָג דאָך... הערט מיך אויס... אײַער פאָטער, אײַער אייגענער פאָטער...

פערדינאַנד. (מיט פאַרביטערונג.) זײַ זיך מודה, אַניט וועל איך דיך פאַרניכטן!

האָפּמאַרשאַל. איר זײַנט דול, איר הערט ניט. איך האָב זי קיינ־מאָל ניט געזען, איך קען זי ניט, איך ווייס גאָרנישט וועגן איר.

פערדינאַנד. (טרעט אָפּ צוריק.) דו האָסט זי ניט געזען? דו קענסט זי ניט? דו ווייסט גאָרניט וועגן איר? די פרײַלן מילער איז אומגעקו־מען אַדאַנק דיר, און דו זאָגסט זיך אין איין אָטעם אָפּ פון איר? אַוועק, דו מיִעסער אויסוווּרף! (דערלאַנגט אים מיטן פּיסטאָלעט און שטויסט אים אַרויס פון צימער.) פאַר אַזעלכע, ווי דו, האָט מען נאָך קיין פּולווער ניט דער־פונדן!



## פערטע סצענע

פערדינאַנד. (נאָך א לאַנגן שטיל־שווײַגן, נאָך דעם, ווי זײַנע געזיכט־שפּורן דריקן אויס א שרעקלעכן געדאַנק.) זי איז אומגעקומען! יאָ, אומגליקלעכע! ביידע זײַנען מיר אומגעקומען, איך און דו. איך שווער בײַם אַלמעכ־טיקן גאָט! אויב איך גיי פאַרלאָרן, גייסטו אויך פאַרלאָרן. גרויסער ריכטער! נעם זי בײַ מיר ניט צו! דאָס מיידל איז מײַנס. איך האָב דיר אָפּגעטראָטן דײַן גאַנצע וועלט פאַר אָט דעם מיידל, איך האָב זיך אָפּ־געזאָגט פון דײַן גאַנצער וואונדערבאַרער שאַפונג. לאָז מיר דאָס מיידל! דו וועלט־ריכטער! דאָרט רופן דיך מיט יאָמער מיליאָנען נשמות — צו זיי ווענד דײַנע דערבאַרמיקע אויגן, און מיך לאָז אַליין דאָ אַלץ טון! (ברעכט די הענט אין פאַרצווייפלונג.) שוין־זשע וועט דעם רײַכן, מילדן וועלט־שעפער באַנק טון איין נשמה, און דערצו נאָך די ערגסטע אין זײַן שאַפונג? דאָס מיידל איז מײַנע! אַמאָל בין איך געווען איר גאָט, איצט בין איך איר טײַוול! (שטעלט אָן אין א ווינקל זײַנע אומבאַוועגלעכע און שרעקלעכע בליק.) א גאַנצע אייביקייט מיט איר צונויפגעפלאָכטן זײַן אויף דער ראָד פון פײַניקונג, אויגן אין אויגן אײַנגעשטאָכן, די האָר קאַפּויר — אונדזערע טויבע קרעכצן האָבן זיך צונויפגעגאָסן — און דאָ איבערכאַזערן מײַנע צערטלעכקײַטן! און דאָ טאַקע דערמאַנען איר וועגן אַלע אירע שבועס! אָ, גאָט, גאָט! דער בונד איז שרעקלעך, אָבער אייביק! (גייט שנעל צו דער טיר און באַגעגנט זיך מיטן פּרעזידענט.)

## פינפטע סצענע

פערדינאַנד, פּרעזידענט.

פערדינאַנד. (טרעט אָפּ צוריק.) אָ, מײַן פאָטער!

פּרעזידענט. זייער גוט, וואָס איך האָב דיך געטראָפן, מײַן זון! איך בין געקומען דיר עפּעס אָנגענעמס מעלדן, און עפּעס אַזוינס, מײַן זון, וואָס וועט דיך געוויס איבעראַשן. לאָמיר זיך אַוועקזעצן?

פערדינאַנד. (קוקט לאַנג און אויפמערקזאַם אויף אים אָן.) פאָטער מײַנער!

(שטאַרק אומרויִק. גייט צו אים צו און כאַפּט זײַן האַנט.) פֿאָטער מײַנער! (קושט זײַן האַנט, לאָזט זיך אַראָפּ אויף די קני.) אָ, מײַן פֿאָטער!

פּרעזידענט. וואָס איז מיט דיר, מײַן זון? שטיי אויף! דײַן האַנט ברענט און ציטערט!

פֿערדינאַנד. (אומרויִק און מיט שטאַרקן געפֿיל.) פֿאַרגיט מיר מײַן אומדאַנקבאַרקייט, פֿאָטער! איך בין אַ פֿאַרפֿאַלענער מענטש! איך האָב גענומען צווייפֿלען אין אײַער גוטסקייט! איר האָט אַזוי פֿאָטערלעך וועגן מיר געזאָרגט. אָ, איר האָט אַ פֿאָרויסזעענדיקע נשמה. איצט איז שוין אָבער צו שפּעט! פֿאַרגיט מיר! פֿאַרגיט מיר! בענטשט מיך, פֿאָטער!

פּרעזידענט. (מאַכט זיך, ווי ער פֿאַרשטייט גאָרניט.) שטיי אויף, מײַן זון! באַדענק זיך! וואָס רעדסטו עפּעס מיט רעטענישן?

פֿערדינאַנד. די דאָזיקע מילערן, מײַן פֿאָטער, אָ, איר קענט דאָך מענטשן... אײַער צאָרן איז דעמאָלט געווען אַזוי גערעכטיק, אַזוי איידל, אַזוי פֿאָטערלעך וואַרעם, אָבער די הייסע פֿאָטערלעכע וואַרעמקייט האָט ניט גערירט דאָס טעמפּע האַרץ... די דאָזיקע מילערן!

פּרעזידענט. מאַטער מיך ניט, מײַן זון! איך פֿאַרפֿלוך מײַן האַרטקייט! איך בין געקומען בײַ דיר בעטן אַנטשולדיקונג!

פֿערדינאַנד. פֿאַר מיר זיך אַנטשולדיקן? שעלטן מיך... אײַער טאַדלען איז געווען אַ גרויסע חכמה, אײַער אַכזריות איז געווען הימלישער מיטלייד. די דאָזיקע מילערן, פֿאָטער...

פּרעזידענט. זי איז אַ פֿײַן, ליב מיידל. איך זאָג זיך אָפּ פֿון מײַן אומבאַטראַכטן פֿאַרדאַכט. זי האָט מײַן אַכטונג דערוואָרבן.

פֿערדינאַנד. (שפּרינגט אויף, שטאַרק דערשיטערט.) וואָס? אויך איר? פֿאָטער? אויך איר? איר, פֿאָטער? ס'איז דאָך די אומשולד אַליין! האַ, און ס'איז אַזוי מענטשלעך ליב האָבן דאָס דאָזיקע מיידל!

פּרעזידענט. זאָג בעסער אַזוי: ס'איז אַ פֿאַרברעכן זי ניט ליבן!

פֿערדינאַנד. דאָס איז אומגעהערט! אומגעהייער! און איר קאָנט דאָך לייענען אין די מענטשלעכע הערצער! און איר האָט דאָך געקוקט אויף איר מיט בליקן פֿון האַס. ס'איז אַ פֿאַלשקייט, וואָס האָט קיין בײַשפּיל ניט... די דאָזיקע מילערן, פֿאָטער...



פּרעזידענט. איז ווערט צו זײַן מײַן טאָכטער! איר מוגנד קאָן איר פֿאַרבײַטן דעם ייִחוס, איר שיינקייט איז טײַערער פֿון גאָלד. מײַנע געזעצן גיבן זיך אונטער דײַן ליבע. זי וועט זײַן דײַנע.

פֿערדינאַנד. (לויפֿט ווילד אַרויס פֿון צימער.) דאָס האָט נאָך געפֿעלט! זײַט געזונט, פֿאָטער! (אָפּ.)

פּרעזידענט. (גייט אים נאָך.) בלײַב! בלײַב! וווּהין לויפֿסטו? (אָפּ.)

## זעקסטע סצענע

א פּרעכטיקער זאַל בײַ דער לעדי.

ס'קומען אַרײַן די לעדי און סאָפֿיע.

לעדי. הייסט עס, דו האָסט זי געזען? זי וועט קומען?

סאָפֿיע. אָט די מינוט! זי איז נאָך געווען אין שטוביקע קליידער און האָט זיך געוואָלט אַפּגיך אָנטון.

לעדי. דערצייל מיר גאָרניט וועגן איר. שווײַג. איך ציטער, ווי אַ פֿאַרברעכערן באַם געדאַנק, אַז איך וועל זען די גליקלעכע, וועמעס האַרץ איז אין געפֿילן אַזוי האַרמאָניש מיט מײַנעם. און ווי האָט זי זיך געהאַלטן, ווען דו האָסט זי אײַנגעלאַדן?

סאָפֿיע. זי האָט אויסגעזען פֿאַרכידעשט צו זײַן, זיך פֿאַרטראַכט, געקוקט אויף מיר מיט עפּעס מאָדנע גרויסע אויגן און געשוויגן. איך בין שוין גרייט געווען אויסהערן איר אָפּזאָג, ווען זי האָט מיט אַ בליק, וואָס האָט מיך איבעראַשט, געענטפֿערט: „אײַער לעדי האָט מיר באַפֿוילן קומען, און איך האָב מאָרגן אַליין געוואָלט בעטן די דערלויבעניש".

לעדי. (זייער אומרויִק.) פֿאַרלאָז מיך, סאָפֿי. דערבאַרעם זיך איבער מיר. איך וועל זיך רויטלען, אויב זי איז אַ געוויינלעכע פֿרוי, און אויב זי איז עפּעס מער, וועל איך דעם מוט פֿאַרלירן.

סאָפֿיע. אָבער, מילעדי, וואָס איז עס אײַך אײַנגעפֿאַלן צו זײַער קעגנערן? פֿאַרגעסט ניט, ווער איר זײַנט. רופֿט צו הילף אײַער שטאַנד, אײַער ראַנג, אײַער מאַכט. אַ שטאָלץ האַרץ מוז נאָך מער דערהייבן די שטאָלצע פּראַכט פֿון אײַער בליק.

לעדי. (צעשטרייט.) וואָס פלאָפּלסטו דאָ, נאַר איינער?

סאָפּיע. (גיפטיק.) איז עס צופעליק, וואָס היינט פינקלען אַף אייך די קאָסטבאַרסטע בריליאַנטן? איז עס צופעליק, וואָס דאַפקע היינט האָט איר אָנגעטאָן דאָס פּרעכטיקסטע קלייד און וואָס אייער אופנאַם־צימער איז פול מיט הײַדוקעס און פּאַזשן? איז עס צופעליק, וואָס איר וואַרט אַף דעם מיידל אין דעם פּרעכטיקסטן זאַל פון אייער פּאַלאַץ?

לעדי. (גייט אום הין און צוריק איבערן צימער, מיט פאַרביטערונג.) דאָס איז אומעגלעך, אומדערטרעגלעך! ווײַבער האָבן אַזעלכע גיריקע אויגן פאַר ווײַבער־שוואַכקייטן. אָבער ווי טיף האָב איך שוין באַדאַרפט פאַלן, אַז די דאָזיקע בריוו זאָל מיך קאָנען אַזוי גרינטלעך אויסטײַטשן.

אַ קאַמערדינער. (קומט אַרײַן.) מאַמזעל מילער.

לעדי (צו סאָפּיע.) אַרויס, אַרויס פון דאַנען!, גיי אַרויס! (סאָפּיע אײַלט זיך ניט. לעדי מיט דראָונג) איך באַפעל דיר! (סאָפּיע גייט אַוועק. לעדי גייט זיך דורך איבערן זאַל.) גוט! זייער גוט, וואָס איך בין אויפגערעגט! אַזוי האָב איך עס געוואָלט! (צום קאַמערדינער.) די מאַמזעל קאָן אַרײַנקומען! (דער קאַמער־דינער גייט אַוועק. זי וואַרפט זיך אַף דער סאָפע און נעמט אָן אַ גרויסאַרטיק נאַכ־לעסיקע פּאָזע.)

## זיבעטע סצענע

לויִזע מילער קומט אַרײַן שעמעוודיק און בלײַבט שטיין אַף אַ גרויסן אָפּ־שטאַנד פון דער לעדי, די לעדי האָט זיך צו איר אויסגעקערעוועט מיטן רוקן, באַטראַכט זי אַ לענגערע צײַט אינעם קעגנאיבערדיקן שפּיגל. אַ פּאַוזע.

לויִזע. גנעדיקע פרוי, איך וואַרט אַף אייער באַפעל.

לעדי. (קערעוועט זיך אויס צו לויִזען און גיט קאַם אַ שאָקל מיטן קאָפּ. קאַלט און צוריקגעהאַלטן.) אַהאַ! דו ביסט דאָ! דאָס ביסטו אָן צווייפל די מאַמזעל... ווי רופט מען דיך?

לויִזע. (עטוואָס ביטער.) מילער הייסט מײַן פאָטער, און אייער גנע־דיקייט האָט געשיקט נאָך זײַן טאָכטער.

לעדי. ריכטיק! ריכטיק! איך האָב זיך שוין דערמאַנט! אַ טאָכטער פון אַן אָרעמען מוזיקער, וועגן וועלכן מע האָט דאָ ניט לאַנג גערעדט.



(אַ פּאַוזע. פאַר זיך.) זייער אינטערעסאַנט און דאָך איז זי ניט קיין שיינהייט. (הייך צו לויִזען) קום צו נעענטער, מײַן קינד! (ווידער פאַר זיך) אויגן, וואָס האָבן ניט ווייניק געוויינט. ווי געפעלן מיר די דאָזיקע אויגן! (ווידער אינדערהייך) נאָך נעענטער, גאַנץ נאָענט. מײַן טײַערע, דו האָסט פאַר מיר מורא?

לויִזע. (מיט שטאָלצער אַנטשיידנהייט.) ניין, מילעדי, איך פאַראַכטע דעם אורטייל פון האַמוין.

לעדי. (פאַר זיך.) אַהאַ! דער דאָזיקער שטאָלץ שטאַמט פון אים! (אינ־דערהייך) מע האָט מיר דיך רעקאָמענדירט, דו האָסט אַ ביסל געלערנט, און כאָטש דעם ביסטו בכלל קיין נאַר ניט. נו, יאָ, איך וויל אין דעם גלייבן. ווען די גאַנצע וועלט איז מײַנע, וואָלט איך זיך ניט אונטער־גענומען צווינגען אַזאַ הייסן פאַרטיידיקער, ווי דײַנער איז, צו זאָגן אַ ליגן.

לויִזע. אָבער איך קען ניט קיינעם, מילעדי, וועלכער זאָל אַף זיך נעמען די מי, מיר זוכן אַ באַשיצערן.

לעדי. (אויפגערייצט.) וועלכער זאָל זיך נעמען די מי צוליב דער קליענטין אָדער צוליב דער באַשיצערן?

לויִזע. דאָס איז מיר ניט פאַרשטענדלעך, גנעדיקע פרוי!

לעדי. דו ביסט מער שעלמע, איידער ס'ווײַזט דײַן געזיכט! דו הייסט לויִזע, און וויפל ביסטו אַלט?

לויִזע. מיר איז געוואָרן זעכצן יאָר.

לעדי. (הייבט זיך שנעל אויף.) נו, אַזוי הייסט עס! זעכצן יאָר! דער ערש־טער פּולס פון ליידנשאַפט! דער ערשטער ציטעריקער זילבערטאָן אַף דעם ניט־גערירטן קלאַוויר — וואָס קאָן נאָך פאַרפירערישער זײַן? זעץ זיך, דו געפעלסט מיר, ליב מיידל. און אויב ער ליבט דאָס ערשטע מאָל — וואָס איז עס פאַר אַ וווּנדער, אויב די שטראַלן פון באַגינען האָבן זיך צונויפגעגאָסן? (זייער פרײַנטלעך נעמט זי פאַר דער האַנט.) עס בלײַבט אַזוי: איך וויל דײַן גליק שאַפן, מײַן ליבע. דאָס איז ניט מער, ווי אַ זיסער טרוים, וואָס פאַרשווינדט גיך. (קלאַפּט זיך איבער דער באַק.) מײַן סאָפי האָט גיך חתונה. דו וועסט איר שטעלע פאַרנעמען. זעכצן יאָר! דאָס קאָן לאַנג ניט דויערן.

ל ו י ז ע. (קושט מיט ערע איר האנט.) איך דאנק אייַך פאר דער געפעליקייַט, מילעדי, אָבער איך קאָן זי ניט אָננעמען.

ל ע ד י. (ווערט ווידער אופגערעגט.) אָט ס'ארא גרויסע דאמע! מיידלעך פון דייַן שטאנד שעצן זיך נאָך גליקלעך, ווען זיי קאָנען געפינען אזא מין הערשאפט. וואוהין־זשע צילסטו, מייַן טייַערע? אָבער פילייַכט זייַנען די דאָזיקע פינגער צו צארט פאר ארבעט? אָדער דו שטאָלצירסט מיט דייַן שיין געזיכט!

ל ו י ז ע. מייַן געזיכט, גנעדיקע פרוי, געהער מיר פונקט אזוי ווייניק, ווי מייַן אָפּשטאמונג.

ל ע ד י. און עפשער גלייבסטו, אז דערצו וועט קיינמאָל קיין ענדע ניט קומען? אָרעם באשעפעניש, ווער האָט דיר דערמיט דעם קאָפּ פארדרייט — ער מעג זייַן, ווער ער וויל, ער האָט אייַך ביידן אָפּגענארט. די דאָזיקע באקן זייַנען אין פייַער אויסגעגילט. וואָס אין שפיגל זעט דיר אויס מאסיוו און אייביק, איז ניט מער ווי א דינער אָפּגלאנץ פון רויטקייַט, וועלכן דייַן געליבטער וועט פריִער אָדער שפעטער ניט געפינען! וואָס וועלן מיר דעמלט טון?

ל ו י ז ע. דעמלט וועלן מיר באדויערן דעם געליבטן, וואָס האָט געקויפט א דימענט דערפאר, ווייַל דאָס רעמל האָט אים אויסגעזען צו זייַן פון גאָלד.

ל ע ד י. (לייגט קיין אכט ניט אפ אירע ווערטער.) א מיידל פון דייַנע יאָרן האָט שטענדיק צוויי שפיגלען: דעם עמעסן שפיגל און דעם פארערער אירן. די צארטע נאָכגעביקייַט פון דעם לעצטן בעסערט אויס די גראָבע אָפנהערציקייַט פון דעם ערשטן. איין שפיגל ווייַזט אפ דער באק א העסלעכן שפור פון פאָקן. „ניט ריכטיק, זאָגט דער צווייטער, דאָס איז א כיינגריבעלע". איר, גוטע קינדער, גלייבט דעם ערשטן נאָר אין דעם, וואָס ס'באשטעטיקט אייַך דער צווייטער! איר ווארפט זיך פון איין שפיגל צום אנדערן, ביז איר פארגעסט, ענדלעך, ווער וואָס ס'האָט געזאָגט. וואָס קוקסטו אזוי אפ מיר?

ל ו י ז ע. פארגיט מיר, גנעדיקע פרוי, איך בין גרייט געווען צו באוויינען דעם דאָזיקן פרעכטיקן, פינקלענדיקן שטיין, וואָס ווייסט



ניט, ווי שארף זייַן באזיצערן טרעט ארויס און פארורטיילט נאַרישקייַטן.

ל ע ד י. (פארויטלט זיך.) שלאָג מיר ניט איבער, דו שעלמע. ווען ניט די האָפענונג אפ דייַן שיין געזיכט, וואָלט קיין זאך אין דער וועלט ניט געקאָנט דיר שטערן אָנקומען אפ אזא שטעלע, ווי דו וואָלסט זיך געקאָנט אויסלערנען וועלטלעכע מאנירן און ווי דו וואָלסט זיך אויסגעלערנט זיך אָפּזאָגן פון דייַנע בירגערלעכע פאָרורטיילן.

ל ו י ז ע. און אויך פון מייַן בירגערלעכן אומשולד, מילעדי?

ל ע ד י. ס'ארא אייַנפאל! דער סאמע אויסגעלאסנסטער מאנצבל וועט מוירע האָבן אונדז כוישעד זייַן אין לייַכטזיניקייַט, אויב מיר אליין וועלן אים דערצו קיין גרונט ניט געבן. דו ווייַזט נאָר, וואָס דו ביסט! דו האלט זיך מיט ערע און מיט ווירדע, און איך פארזיכער דיך, דייַן יוגנט וועט זייַן פרייַ פון אוועלכע ניט איז ניסיוינעס.

ל ו י ז ע. דערלויבט מיר, גנעדיקע פרוי, אין דעם צווייפלען! די פאלאצן פון די פאָרנעמסטע דאמען זייַנען אָפט א פלאץ פאר די פרעכסטע פארגעניגנס. ווער קאָן פאָדערן פון דעם אָרעמען פידלערס טאָכטער אזויפיל העלדנמוט, זי זאָל זיך אין דעם פעסט אריַינוווארפן און דערבייַ ניט מוירע האָבן זיך אָנשטעקן? ווער וואָלט זיך געקאָנט ריכטן, אז די לעדי מילפאָרד מאטערט שטענדיק דער געוויסן, זי ווארפט שטענדיק זיך מיט גרויסע סומעס געלט, קעדיי זי זאָל קאָנען האָבן די מעגלעכקייַט יעדע מינוט זיך רויטלען פון בושע! איך בין אָפנהערציק, גנעדיקע פרוי! צי דען וואָלט אייַך געווען אנגענעם מיך צו זען, ווען איר וואָלט זיך געקליבן אפ עפּעס א פארווייַלונג, און באם צוריקקומען וואָלט אייַך דען ניט געווען דערווידער מיך באגעגענען? אָ, בעסער זאָלן אונדז לענדער און יאמען שיידן! באטראכט זיך, מילעדי! פאר אייַך קאָנען קומען שאָען פון אויסניכטערונג. מינוטן פון אויסגעשעפּטקייַט — שלאנגען פון כאראָטע קאָנען בא אייַך אין הארצן זיך א ריר טון! שוין־זשע וועט עס פאר אייַך ניט זייַן קיין פייַניקונג אין די אויגן פון אייַער דינסטמיידל זען די ליכטיקע רויִקייַט, מיט וועלכער די אומשולד באלוינט א

רײַן הארץ? (זי מאכט א שריט צוריק.) נאָכאמאָל, גנעדיקע פרוי, איך בעט, איר זאָלט מיר פארגעבן!

לעדי. (גייט אום איבערן צימער, שטארק אומרויִק.) ס'איז אומדערטרעגלעך דאָס צו הערן פון איר, נאָר אומדערטרעגלעכער איז צו וויסן, אז זי איז גערעכט. (גייט צו צו לויִזען און קוקט איר אופמערקזאם אין די אויגן.) דו וועסט מיך ניט איבערשפּיצן, מיידל! מיינונגען זאָגט מען ניט ארויס אזוי ווארעם. אין די דאָזיקע דערקלערונגען פילט זיך א ווארעמער אינטערעס, און דערפאר טאקע איז דיר באזונדערס דערווידער בא מיר דינען... דערפאר האָסטו זיך אופגערעגט... אָבער איך, (מיט דראָונג) איך וועל אלץ אנטדעקן.

לויִזע. (געלאסן און איידל.) נו, איז וואָס, אנטדעקט! וועקט אוף מיט אײַער פאראכטנדיקן שטויס דעם באליידיקטן וואָרעם, וועלכן דער שעפער האָט געגעבן א גיפט, קעדיי זיך באשיצן! איך האָב קיין מוירע ניט פאר אײַער נעקאָמע, מילעדי. די אָרעמע פארזינדיקטע נעשאָמע, וואָס איז געבראכט געוואָרן צו דעם הענקערשטול, לאכט פון דעם וועלט־אונטערגאנג. מײַן אומגליק איז אף אזויפיל גרויס, אז די אופריכטיקייט קאָן אים שוין גרעסער ניט מאכן. (פאוזע. שטארק ערנסט.) איר ווילט מיך ארויסציִען פון שטויב פון מײַן אָפּשטאמונג? איך וויל זיך ניט פאנאנדערקלײַבן אין דער דאָזיקער פארדעכטיקער געפעליקייט. וועגן איינס וועל איך אײַך פרעגן: וואָס האָט אײַך געצוווּנגען מיך רעכענען פאר א נאר, וואָס שעמט זיך מיט זײַן אָפּשטאמונג? וואָס האָט אײַך געגעבן דאָס רעכט זיך אָנבינדן מיר אלס שעפערן פון מײַן גליק, נאָך איידער איר האָט געוווּסט, צי וועל איך וועלן אָנעמען מײַן גליק פון אײַערע הענט? איך האָב אף אייביק זיך אָפּגעזאָגט צו פרעטענדירן אף די וועלטלעכע פארגעניגנס, איך האָב דעם גליק מײַנעם פארגעבן זײַן ניטזיכערקייט. צוליב וואָס ווילט איר מיר דאָס אלץ אָפּסנײַ דערמאנען? ווען גאָט אליין באהאלט אויס זײַן בליק פון זײַן באַשאפונג, קעדיי דער העכסטער סעראפים זאָל זיך ניט דערשרעקן פאר זײַן אונטערגאנג — איז צוליב וואָס ווילן מענטשן אזוי גרויזאם־בארמהערציק זײַן? וויִאזוי קאָן עס זײַן, מילעדי, אז אײַער בארימט הויך גליק זאָל,



ווי א נעדאָווע, בעטן בא מײַן אומגליק קינע און באוווּנדערונג? און פּילײַכט נייטיקט זיך אײַער פרייד זען באנאנד מיט זיך פארצווייפלונג? אָ, גיט מיר בעסער בלינדקייט, דאָס איז די איינציקע זאך, מיט וועלכער עס קאָן שאָלעם מאכן מײַן ביטערער גורל. א נישטיקער אינזעקט פילט זיך אין א טראָפּן וואסער פונקט אזוי גוט, ווי ער וואָלט געווען אין גאניידן! דאָס דויערט אָבער אזוי לאנג, ביז מע דערציילט אים וועגן אָקעאנען, ווו ס'שווימען גאנצע פלאָטן און וואלפיש! אָבער איר ווילט דאָך, איך זאָל זײַן גליקלעך? (נאָך א פאוזע, גייט שנעל צו צו דער מילעדי און פרעגט זי.) זײַנט איר גליקלעך, מילעדי? (די לעדי גייט אָפּ פון איר שנעל און מיט פארוווּנדערונג. לויִזע גייט איר נאָך און לייגט צו די האנט צו איר ברוסט.) איז פונקט אזוי קלאָר אײַער הארץ, ווי דער אויסערלעכער אויסזען אײַערער? און ווען מיר וואָלטן איצט געקאָנט הארץ אף הארץ און שיקזאל אף שיקזאל אויסבײַטן, און ווען איך וואָלט מיט קינדערשער אומשולד, ווען איך וואָלט אף אײַער געוויסן, ווי בא א מוטער געפרעגט — וואָלט איר מיר געראָטן מאכן אזא בײַט?

לעדי. (ווארפט זיך אין גרויס אופרעגונג אף דער סאָפע.) אומגעהערט! אומבאגרײַפלעך! ניין, מיידל, ניין! די דאָזיקע גרייס דײַנע איז ניט קיין אײַנגעבוירענע, און פאר דײַן פאָטער איז עס צו יוגנטלעך. דו לײַג מיר ניט, דאָ הער איך אן אנדער לערער.

לויִזע. (קוקט איר דורכדרינגלעך אין די אויגן.) מיך וווּנדערט זייער, מילעדי, וואָס איר האָט ערשט איצט זיך געכאַפּט וועגן לערער, און דאָך האָט איר מיר שוין פריִער צוגעגרייט א שטעלע.

לעדי. (שפרינגט אוף.) דאָס קאָן מען ניט אויסהאלטן! יאָ! דאָ וועל איך זיך שוין ניט אויסדרייען. איך קען אים — איך ווייס אלץ, כ'ווייס מער, ווי כ'וואָלט געוואָלט. (פּלוצעם שטעלט זי זיך אָפּ, דערנאָך מיט אכזאָריעשקייט, וואָס גייט ביסלעכווײַז איבער אין ווילדן צאָרן.) אָבער דו פרוּוו נאָר וואגן, דו אומגליקלעכע, וואג נאָר אים איצט ליב האָבן, אָדער ער זאָל דיך ליבן! וואָס זאָג איך? וואג נאָר וועגן אים צו דענקען אָדער זײַן איינער פון זײַנע געדאנקען — איך בין מעכטיק, אומגליקלעכע, מײַן נעקאָמע איז שרעקלעך... איך שווער בא גאָט, דו וועסט אומקומען!

לויזע. (פעסט.) אפ אייביק, מילעדי, אויב איר וועט אים נאָר צווינגענ, ער זאָל אייַכ ליב האָבנ.

לעדי. איכ פארשטיי דיכ, אָבער ער מעג מיכ ניט ליב האָבנ! איכ וועל באַזיגנ די דאָזיקע שענדלעכע ליידנשאפט. מייַנ הארצ וועל איכ פארטויבנ און דייַנס — צעברעכנ. פעלדזנ און אָפּגרונטנ וועל איכ צווישנ אייַכ שטעלנ, ווי א מעכאשייפע וועל איכ אינ אייַער גאניידנ דערשייַנענ, ווי א געשפּענסט שרעקט די פארברעכער, אזוי וועט מייַנ נאָמענ אייַערע קושנ שרעקנ, דייַנ יונגער בליִענדער קערפּער וועט, ווי א מומיע, גליווערנ אינ זייַנע אָרעמס... איכ קאָנ מיט אים ניט גליקלעכ זייַנ, אָבער דו וועסט עס אויכ ניט זייַנ. זאָלסט עס וויסנ, דו אומגליקלעכע! צעשטערנ גליק — איז אויכ גליק!

לויזע. דאָס דאָזיקע גליק האָט מענ שוינ בא אייַכ צוגענומענ, מילעדי. באַליידיקט ניט אייַער הארצ, מילעדי. איר זייַנט ניט פייִק אויסצופילנ דאָס, וואָס איר דראָט מיר אזוי שרעקלעכ... איר זייַנט ניט פייִק צו מאטערנ א באַשעפעניש, וואָס האָט אייַכ קיינ שום שלעכטס ניט געטאָנ און וואָס האָט בלויז אזוי געפילט, ווי איר. אָבער איכ האָב אייַכ ליב, מילעדי, פאר דעם דאָזיקנ אויסברוכ פונ ליידנשאפט!

לעדי. (קומט צו זיכ.) ווו בינ איכ? וואָס איז עס מיט מיר? וואָס האָב איכ עס דאָ ארויסגעזאָגט? אָ, לויזע, דו איידעלע, גרויסע געטלעכע נעשאָמע! פארגיב, פארגיב אָט דער דולער! כ׳וועל קיינ האָר אפ דייַנ קאָפּ ניט אָנרירנ, מייַנ קינד. זאָג ארויס דייַנע ווונטשנ! פאָדער! איכ וויל דיכ אפ די הענט טראָגנ, איכ וויל זייַנ דייַנ פרייַנט! דייַנ שוועסטער וויל איכ זייַנ! דו ביסט אָרעמ — איז אָט! (נעמט אראָפּ איינִיקע בריליאנטנ פונ זיכ.) איכ וועל די דאָזיקע בריליאנטנ פארקויפנ, איכ וועל פארקויפנ מייַנ גארדעראָב, מייַנע פערד, מייַנע עקיפּאַזשנ — און אלצ וועט זייַנ דייַנס, אבי זאָג זיכ אָפּ פונ אים!

לויזע. (טרעט אָפּ צוריק אינ גרויס אופרעגונג.) זי שפּעט איבער מייַנ פארצווייפלונג, אָדער זי האָט ווירקלעכ ניט גענומענ קיינ אָנטייל אינ דער דאָזיקער אומענטשלעכער אינטריגע? אָ, אויב אזוי, קאָנ איכ נאָכ זיכ צוגעבנ אנ אויסזעענ פונ א העלדינ און מייַנ אָנמאכט פארוואנד-



לענ אינ א פארדינסט. (זי שטייט א ווייַלע פארטראכט, דערמלט גייט זי נעענטער צו צו דער לעדי, כאפּט איר האנט און קוקט זי אָנ אופמערקזאם און פילדייַטיק.) נעמט אים אייַכ, מילעדי! פרייַוויליק טרעט איכ אייַכ אָפּ דעם מענטשנ, וועלכנ מע האָט מיט געהענעם-צוואנגענע אָפּגעריסנ פונ מייַנ בלוטנדיקנ הארצנ. פילייַכט ווייסט איר דאָס ניט, מילעדי, נאָר איר האָט צעשטערט דעם גאניידנ פונ צוויי ליבנדיקע, צעשיידט צוויי הערצער, וואָס גאָט אליינ האָט דעם בונד זייערנ געשאפנ, צעבראָכנ א באַשעפעניש, וואָס איז אים פּונקט אזוי נאָענט, ווי איר, א באַשעפעניש, וואָס ער האָט געשאפנ אפ פרייד, א באַשעפעניש, וואָס האָט אים געבענטשט, פּונקט אזויווי איר, און וואָס וועט אים שוינ מער ניט בענטשנ, לעדי! צום אלמעכטיקנ גאָט דערגרייכט אויכ דער לעצטער וויי-קראמפּ פונ א צעטראָטענעם וואָרעם — און ער וועט עס גאָר ניט גלייַכגילטיק צוזענ, ווי מע דערמאָרדעט נעשאָמעס אינ זייַנע הענט! איצט איז ער אייַערער! איצטער, מילעדי, נעמט אים אייַכ! לויפט אינ זייַנע אָרעמס! שלעפּט אים צום אלטאר — אָבער פארגעסט ניט, אז צווישנ אייַער הייראט-קוש וועט שטיינ א געשפּענסט פונ א זעלבסטמערדערנ. גאָט וועט זייַנ באַרמהערציק צו מיר, קיינ אנדער אויסוועג איז פאר מיר ניטאָ! (לויפט אוועק.)

## אכטע סצענע

לעדי. (שטייט אליינ, אויסער זיכ און שטארק דערשיטערט, דער פארגליווערטער בליק אירער איז געווענדעט צו דער טיר, דורכ וועלכער די מילערנ איז ארויס. ענדלעכ קומט זי צו זיכ.) וואָס הייסט עס? וואָס איז עס געווענ מיט מיר? וואָס האָט זי געזאָגט, די דאָזיקע אומגליקלעכע? אָ, גאָט! זיי צערייַסנ מייַנ געהער, די דאָזיקע שרעקלעכע, מיכ פארורטיילנדע ווערטער: „נעמט אים אייַכ!“ וועמענ, דו אומגליקלעכע? דעם געשאנק פונ דייַנ טויט-קרעכצ, די שרעקלעכע צאוואָע פונ דייַנ פארצווייפלונג? גאָט! גאָט! בינ איכ דענ אזוי טיף געפאלנ! אזוי פלוצעמ פונ אלע טראָנענ פונ מייַנ שטאָלצ בינ איכ אראָפּגעפאלנ, אז מיר קומט אויס איצט אינ הייסנ הונגער ווארטנ אפ א גרויסמוטיקער נעדאָווע פונ א בעטלערנ בייס איר גסיסע? „נעמט אים אייַכ!“ מיט וואָס פאר א טאָנ האָט זי עס געזאָגט,

מיט וואָס פאר א בליק האָט זי עס באגלייט — אָ! עמיליע! צוליב דעם האָסטו אריבערגעטראָטן די גרענעצן פון דײַן געשלעכט? צוליב דעם האָסטו זיכ באמיט דערווערבן דעם פרעכטיקן נאָמען פון א הויכער בריטישער פרוי, קעדיי די גאנצע בארימערישע געבײַדע פון דײַן ערע זאָל פלאצן פאר דער העכסטער טוגנד פון אן אומבאהאָלפן בירגערלעכ מיידל? ניין, דו שטאָלצע אומגליקלעכע! ניין! עמיליע מילפאָרד קאָן דערלאָזן, מע זאָל זי פארשעמען, אָבער זי צו שאנד מאכן — ניין! אויכ איכ האָב קראפט אפ אָפצוזאָגן זיכ. (גייט אום מאיעסטעטיש הין און צוריק.) אוועק פון מיר, דו ווייכע לײַדנדיקע פרוי! אוועקט פון מיר, איר זיסע גאָלדענע בילדער פון ליבע — זאָל די גראָסמוט אליין איצט מיט מיר אָנפירן!.. די דאָזיקע ליבנדיקע פאָר מוז אומקומען, אָדער לעדי מילפאָרד מוז פארלאָזן אירע פאָדערונגען און פארשווונדן ווערן פון דעם הערצאָגס הארצ! (פאוזע, אופגעלעבט.) עס איז געשען! די שרעקלעכע שטערונג איז פארניכטעט — ס'איז צעריסן געוואָרן יעטווידער בונד צווישן מיר מיטן הערצאָג, איכ האָב ארויסגעריסן פון מײַן הארצ די דאָזיקע ווילדע ליבע! אין דײַנע אָרעמס ווארפ איכ זיכ, טוגנד! נעם צו דיר די טאָכטער דײַנע, וואָס קערט זיכ אום צו דיר. אָ, ווי גוט מיר איז! ווי לײַכט ס'איז מיר מיטאמאָל געוואָרן, ווי געהויבן איכ פיל מיכ! גרויס, ווי די אונטערגייענדיקע זון, וועל איכ זיכ הײַנט אראָפנידערן פון דער שפיצ פון מײַן הייכ. מײַן מעכטיקײַט וועט שטארבן צוזאמען מיט מײַן ליבע, און כוצ מײַן הארצ וועל איכ גאָרנישט נעמען מיט זיכ אין מײַן שטאָלצער וואָגלעניש. (גייט אנטשלאָסן צו צום שרײַבטיש.) אָט איצט טאקע מוז עס געשען — טאקע באלד! איידער די רייצ פון געליבטן וועט אפסנײַ אָנהייבן דעם בלוטיקן קאמפ בא מיר אין הארצן. (זעצט זיכ אוועק און הייבט אָן שרײַבן.)

## נײַנטע סצענע

די לעדי. א קאמערדינער. סאָפיע. דערנאָכ דער האָפמארשאל און, ענדלעכ, די דינער.

קאמערדינער. דער האָפמארשאל פאָן־קאלב שטייט אין אופנאמצימער מיט אן אופטראָג פונעם הערצאָג.



לעדי. (זעצט פאָר שרײַבן אופגערעגט.) זי וועט אופציטערן, די פירשטלעכע דראָטענע קוקלע! געוויס! דער אײַנפאל איז גענוג מאָדנע, קעדיי ער זאָל זיכ פארלירן, אָט דער דאָזיקער מאיעסטעטישער מויעכ! זײַנע הויפ־כניפעניקעס וועלן נעמען אומלויפן, דאָס גאנצע הערצאָגטום וועט אופגערודערט ווערן.

קאמערדינער און סאָפיע. דער האָפמארשאל, מילעדי!

לעדי. (קערעוועט זיכ אויס.) ווער? וואָס? נאָכ בעסער! דער דאָזיקער מין מענטשן עקזיסטירט נאָר צוליב דעם, קעדיי פאנאנדערפויקן נײַסן. בעט אים ארײַן!

קאמערדינער. (גייט אָפ.)

סאָפי. (דערשראָקן, קומט צו נעענטער.) ווען איכ זאָל ניט מוירע האָבן, וואָלט איכ ניט געוואגט... (די לעדי זעצט פאָר שרײַבן.) די דאָזיקע מילערן איז אויסער זיכ ארויס פון זאל... און איר זײַנט ווי אין היצ, איר רעדט מיט זיכ אליין. (די לעדי זעצט פאָר איר שרײַבן.) איכ ציטער, ס'זאָל עפעס וואָס ניט געשען!

האָפמארשאל. (קומט ארײַן, מאכט טויזנט פארגייגונגען דער לעדי, וואָס קערעוועט זיכ ניט אויס. זי באמערקט אים ניט. ער קומט צו נעענטער, שטעלט זיכ הינטער איר שטול, נעמט א שפיצ פון איר קלייד, קושט עס און שטאמלט ארויס מיט שרעק.) זײַן הויכגעבורט...

לעדי. (באשיט מיט זאמד דאָס געשריבענע און לייענט עס גיכ דורכ.) ער וועט עס אָנרופן פינצטערע אומדאנקבארקײַט. איכ בין געווען א פארוואָרלאָזטע יעסוימע. ער האָט מיכ פון אָרעמקײַט ארויסגעשלעפט. פון אָרעמקײַט? א שרעקלעכער בײַט! צערײַס דײַן רעכענונג, דו פארפירער! מיט מײַן אייביקער בושע האָב איכ די רעכענונג באצאָלט און נאָכ ווי־אזוי באצאָלט!

האָפמארשאל. (גייט ארום ארום דער לעדי פון אלע זײַטן, באמיט זיכ, זי זאָל אים באמערקן.) די מילעדי איז, ווײַזט אויס, מיט עפעס שטארק באשעפטיקט. איכ וועל זיכ אליין נעמען די דרייסטקײַט. (זייער הויכ.) זײַן הויכגעבורט האָט מיכ געשיקט פרעגן בא דער מילעדי, וואָס באשטימען אפ הײַנטיקן אָוונט — א פיקניק אָדער א דײַטשע קאָמעדיע?

לעדי. (שטײט אופ לאַכנדיק.) אײנס פונ די בײדע, מאַלעכ מײַנער! אונ דערווײַל אַלס דעסערט גיט איבער דעמ הערצאָג אָט דעמ דאָזיקנ בריוו! (צו סאָפּיענ) הײס אײַנשפּאַנענ, סאָפּי, אונ רופ אַרײַנ אַהער אַלע דינער...

סאָפּיע. (גײט אַוועק אומרויִק.) אָ, גאָט, ס'איז ניט צומ גוטנ! וואָס וועט דאָ נאָכ זײַנ?

האָפמאַרשאַל. איר זײַט אופגערעגט, מײַנ גנעדיקע!

לעדי. אונ דערפאַר טאַקע איז מער עמעס אינ מײַנע ווערטער הורא, הער האָפמאַרשאַל! עס ווערט באַפרײַט א וואַקאַנסיע. ס'אַרא גליק פאַר די קופלער! (דער מאַרשאַל וואַרפט א פאַרדעכטיקנ בליק אפנ בריוו.) לײענט, לײענט! איכ וויל, אז דער אינהאַלט פונ מײַנ בריוו זאָל ניט בלײַבנ קײנ סאָד! (דער האָפמאַרשאַל לײענט. דערווײַל קלײַבנ זיכ צונויפ אינ דער טיפ פונ סצענע די דינער.)

האָפמאַרשאַל. „גנעדיקער הער! דער אָפמאַכ, וועלכנ איר האָט אזוי לײַכטזיניק צעשטערט, קאָנ מיכ מער ניט בינדנ. דאָס גליקלעכע לעבנ אינ אײַער לאַנד — אָט דאָס איז געווענ דער באַדינג פאַר מײַנ ליבע. דרײַ יאָר האָט זיכ געצויגנ דער דאָזיקער ליגנ. ענדלעכ, האָבנ זיכ מיר געעפנט מײַנע אויגנ. מיר איז דערווידער דער גנאָד, וואָס איז געקויפט געוואָרנ דורכ די טרערנ פונ די אונטערטענער. שענקט בעסער אײַער ליבע, אפ וועלכער איכ קאָנ מער ניט ענטפערנ, אײַער אונטערדריקט וויינענדיק לאַנד, אונ לערנט זיכ בא דער בריטישער פרינצעסינ מיט דערבאַרעמונג זיכ באַציִענ צו אײַער דײַטשנ פאָלק. אינ א שאָ אַרומ וועל איכ זײַנ אפ יענער זײַט גרענעצ.

יאָהאַנא נאָרפאָלק"

דינער. (שעפטשענ פאַרווונדערט.) אפ יענער זײַט גרענעצ?

האָפמאַרשאַל. (לײגט מיט שרעק אַוועק די בריוו אפנ טיש.) זאָל אײַכ גאָט היטנ, מײַנ טײַערע אונ גנעדיקע! דעמ שאָליעכ מוז פונקט אזוי טײַער זײַנ דער קאָפ, ווי טײַער ער איז דעמ, וואָס שיקט אימ.

לעדי. אָט וועגנ וואָס דו זאָרגסט, דו גאָלדמאַנ! צומ באַדויערנ,



ווײס איכ עס, אז דיכ אונ דײַנ גלײַכנ דערהאַרגעט מענ אויכ דערפאַר, וואָס איר דערצײלט, וואָס אַנדערע האָבנ געטאָנ. מײַנ אײצע איז — דאָס צעטעלע פאַרבאַקנ אינ א פּאַשטעט, וועט אימ דעמלט זײַנ הויכגעבורט געפינענ אפנ טעלער.

האָפמאַרשאַל. Ciel! ס'אַרא כוצפע! באַדענקט זיכ, מילעדי, וואָס פאַר אַנ אומגנעדיקײַט איר רופט אפ זיכ אַרויס!

לעדי (ווענדעט זיכ צו די פאַרזאַמלטע דינער אינ גרויס אופרעגונג.) איר זײַט פאַרווונדערט, גוטע מענטשנ, איר וואַרט דערשראָקנ, מיט וואָס וועט זיכ ענדיקנ די דאָזיקע רעטעניש? גײט צו נעענטער, מײַנע ליבע, איר האָט ערלעכ אונ געטרײַ מיר געדינט, איר האָט מיר אָפטער געקוקט אינ די אויגנ, אײדער אינ טײַסטער. מיר געהאָרכזאַמ זײַנ איז געווענ אײַער לײדנשאַפט! איר שטאָלצירט מיט מײַנ גנאָד! פאַרוואָס דאַרפ דער אָנדענק וועגנ אײַער געטרײַשאַפט זײַנ פאַרבונדנ מיט דעמ אָנדענק פונ מײַנ דערנידערונג? צי דענ איז עס ניט דער ביטערער שיקזאַל, וואָס מײַנע פינצטערע טעג זײַנענ פאַר אײַכ געווענ די גליקלעכסטע? (מיט טרערנ אפ די אויגנ.) איכ לאָז אײַכ פאַנאַנדער, קינדער מײַנע... איצט עקזיסטירט לעדי מילפאָרד שוינ מער ניט, אונ יאָהאַנע נאָרפאָלק איז צו אָרעמ, קעדײ צו באַצאָלנ איר כויוו. מײַנ קאַסיר וועט אײַכ צעגעבנ אַלצ, וואָס געפינט זיכ בא מיר אינ שקאַטולקע. דער דאָזיקער פאַלאַצ בלײַבט פאַר דעמ הערצאָג. דער אָרעמסטער פונ אײַכ וועט פונדאַנענ אַרויסגײנ רײַכער, אײדער זײַנ ווירטינ. (זי דערלאַנגט זײ די הענט, אונ אַלע קושנ זי מיט לײדנשאַפט.) איכ פאַרשטײ אײַכ, מײַנע גוטע לײַט, זײַט געזונט, זײַט געזונט אפ שטענדיק! (נעמט זיכ אָנ מיט מוט.) איכ הער, ס'פאָרט צו די קאַרעטע! (רײַסט זיכ אַרויס פונ די דינער, וויל אַוועקגײנ. דער האָפמאַרשאַל וואַרפט זיכ צו איר, וויל זי אָפשטעלנ.) דו, נעבעכדיקער מענטש, ביסט נאָכ אַלצ דאָ?

האָפמאַרשאַל. (וואָס האָט די גאַנצע צײַט געקוקט אפנ בריוו, מיט אַנ אויסזענ פונ טעמפקײַט.) אונ דעמ דאָזיקנ בריוו זאָל איכ זײַנ פירשטלעכנ הויכגעבורט אָפגעבנ אינ די הענט?

לעדי. יאָ, נישטיקער מענטש! טאַקע אימ אינ זײַנע הויכגעבירטיקע הענט! אונ זאָלסט אויכ אינ די הויכגעבירטיקע אויערנ מעלדנ, אז איכ

קאָן ניט גיין באָרוועס קיין לאָרעטאָ, און דעריבער וועל איך פאַר טאָגלוינ־ ארבעטן, איך זאָל זיך אָפּרייניקן פונעם שאנד, וואָס כ'האָב יאָרנלאנג איבער זײַן הויכגעבורט געהערשט. (גייט גיך אוועק. אלע גייען זיך פאנאנדער אין גרויסנ־ אומרו.)

---

# פינפטער אקט

אָוונט. א צימער באַם מוזיקער.

## ערשטע סצענע

לויזע זיצט שווײַגנדיק און אָן באוועגונג אין דעם פינצטערן ווינקל פון צימער, דער קאָפּ אָנגעשפּארט אף די הענט. נאָך א גרויסער און טיפער פּאוזע קומט ארײַן מילער מיט א האנט־לאמטערן, באלײַכט שרעקעוודיק דעם צימער. ניט באמערקט לויזען, לייגט ער אוועק דעם הוט אפן טיש און שטעלט אוועק דעם לאמטערן.

מילער. אויך דאָ איז זי ניטאָ... אויך דאָ ניט. איך בין אלע גאסן ארומגעלאָפן, געווען בא אלע באקאנטע, בא אלע טויערן האָב איך געפרעגט — מע האָט אינערגעץ ניט געזען מײַן קינד. (נאָך א קורצן שטיל־ שווײַגן.) געדולד, דו אָרעמער אומגליקלעכער פאָטער! ווארט אויס ביז אינדערפרי, פילײַכט וועט א כוואליע דײַן קינד ברענגען צום ברעג. אָ, גאָט! צי אין דעם באשטייט מײַן שולד, וואָס כ'האָב צופיל פאר־ געטערט מײַן טאָכטער? שווער איז די שטראָף. שווער, אָ, גאָט! איך וויל ניט בייזערן זיך, אָ, גאָט אין הימל, אָבער שווער איז די שטראָף! (אין טיפן טרויער ווארפט ער זיך אין שטול.)

לויזע. (רעדט פונעם ווינקל.) דו טוסט ריכטיק, אָרעמער אלטער פאָ־ טער. געוווינ זיך אפריער צו צום פארלוסט.

מילער. (שפרינגט אוף.) דו ביסט דאָ, מײַן קינד? ביסט דאָ? פאר־ וואָס־זשע אזוי איינזאם און אין דער פינצטער?

לויזע. איך בין דאָך ניט איינזאם. ווען ס'ווערט אזוי פינצטער, קומען דעמלט צו מיר די בעסטע באזוכער.

מילער. באַהיט דיך גאָט! בלויז דער ניטריינער געוויסן האָט ליב די פֿינצטערניש. די זינד און די בייזע גײַסטער מײַדן אויס די שײַן.

לויזע. אויך די אייביקײַט, פֿאָטער, זי רעדט מיט דער נעשאָמע אָן איידעס.

מילער. קינד! קינד! וואָס איז עס פֿאַר א רייד?

לויזע. (שטייט אויף און גייט פֿאָרויס.) איך האָב דורכגעמאַכט א שווערן קאַמף. דו ווייסט עס, פֿאָטער! גאָט האָט מיר געגעבן קראַפֿט. די שלאַכט איז געענדיקט, פֿאָטער. אונדז, פֿרויען, רעכנט מען פֿאַר צאַרטע און שוואַכע באַשעפֿענישן. זאָלסט אין דעם מער ניט גלייבן. מיר ציטערן אויף פֿון א שפּין, אָבער דעם שוואַרצן פֿײַזוווּנדער — די צעפֿוילונג דריקן מיר אין די אָרעמס מיט שפּאַס. ווייס, מײַן פֿאָטער, דײַן לויזע איז איצט לוסטיק.

מילער. הער אויס, טאָכטער, איך וואָלט בעסער געוואָלט, דו זאָלסט קלאָגן און הוילן, דעמלט וואָלסטו מיר בעסער געפֿעלן.

לויזע. ווי זאָל איך אים איבערשפּיצן, פֿאָטער! ווי זאָל איך אים אָפּנאַרן, דעם דאָזיקן טיראַן! די ליבע איז קליגער פֿון בייזקײַט און איז דרייסטער — דאָס האָט ער ניט געוווּסט, דער דאָזיקער מאַן מיטן נישטיקן שטערן אָפּן לאַצקאַן! אָ, זיי זײַנען קלוג אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבן צו טון מיטן קאָפּ, אָבער ווי באַלד זיי בינדן זיך צונויף מיטן האַרצן, ווערן זיי נאַריש, די דאָזיקע הולטײַעס! ער האָט געוואָלט זײַן פֿאַלשקײַט מיט א שבֿועה באַשטעטיקן? די שבֿועה, פֿאָטער, בינדט צוזאַמען נאָר די לעבעדיקע, אָבער די טויטע בינדן פֿאַנאַנדער אויך די אײַזערנע קייטן פֿון שבֿועס. פֿערדינאַנד וועט דערקענען זײַן לויזע. ווילסט, פֿאָטער, זײַן אַזוי גוט און מיר דעם דאָזיקן בריוו באַזאָרגן?

מילער. צו וועמען איז ער, טאָכטער?

לויזע. א מאָדנע פֿראַגע! די אומענדלעכקײַט און מײַן האַרץ האָבן ניט גענוג רוים פֿאַר אײנונאײנציקן געדאַנק וועגן אים? וועמען זאָל איך אַכוץ אים שרײַבן?

מילער. (אומרויִק.) הער אויס, לויזע, איך עפֿן אויף דעם בריוו.



לויזע. ווי דו ווילסט, פֿאָטער! אָבער דו וועסט דאָרט גאָרניט ניט פֿאַרשטיין. די בוכשטאַבן ליגן דאָרט, ווי קאַלטע טויטע קערפּערס, און לעבן אויף נאָר פֿאַר די אויגן פֿון ליבע.

מילער. (לייענט.) „מע האָט דיך אָפּגענאַרט, פֿערדינאַנד! אַן אינטריגע, וואָס האָט גאָר קיין בײַשפּיל ניט, האָט צעריסן דעם בונד פֿון אונדזערע הערצער. אָבער א שרעקלעכע שבֿועה האָט מיר געבונדן מײַן צונג, און דײַן פֿאָטער האָט אומעטום צעשטעלט זײַנע שפּיאָנען. דאָך, אויב דו האָסט מוט, מײַן געליבטער!.. כ׳ווייס אַן אָרט, ווו ס׳זײַנען ניטאָ קיין שפּיאָנען". (מילער שטעלט זיך אָפּ און קוקט איר ערנסט אין די אויגן.)

לויזע. פֿאַרוואָס קוקסטו אַזוי אָף מיר? לייען ווײַטער, פֿאָטער!

מילער. „אָבער דו מוזט האָבן אַסאַך מוט, קעדיי זאָלסט דורכגיין די פֿינצטערע גאַס, ווו קיין זאַך וועט דיר דעם וועג ניט באַלויכטן כוץ דײַן לויזע און גאָט. נאָר מיט ליבע דאַרפֿסטו קומען, און אַלע דײַנע האָפֿענונגען, און אַלע דײַנע שלעכטע ווינטשן מוזטו פֿאַרלאָזן. דו דאַרפֿסט מער גאָרניט, כוץ דײַן האַרץ. אויב דו ווילסט, איז לאָז זיך אין וועג, ווען דער גלאָק אָפּן קאַרמעליטישן קלויסטער וועט א קלינג טון דאָס צוועלפֿטע מאָל. ווערסטו מוירע האָבן — איז שטרײַך אויס דאָס וואָרט מוטיקײַט פֿון די מײַלעס פֿון דײַן געשלעכט, ווײַל א מיידל וועט דיך פֿאַרשעמען".

מילער. (לייגט אַוועק דעם בריוו, קוקט לאַנג פֿאַר זיך מיט אַן אומבאַוועגלעכן, טרויעריקן בליק, דערנאָך קערעוועט ער זיך אויס צו לויזען און זאָגט מיט א שטילער געבראָכענער שטים.) ווו איז דאָס אָרט, טאָכטער?

לויזע. דו קענסט עס ניט? דו קענסט עס ווירקלעך ניט, פֿאָטער? מאָדנע! איך האָב עס אַזוי קלאָר אויסגעמאָלט. פֿערדינאַנד וועט עס געפֿינען.

מילער. המ... רעד דײַטלעכער.

לויזע. איך קאָן איצט ניט געפֿינען קיין שענערן נאָמען פֿאַר דעם דאָזיקן אָרט. שרעק זיך ניט, פֿאָטער, אויב איך וועל עס אָנרופֿן מיט א העסלעכן נאָמען, דאָס דאָזיקע אָרט. אָ, פֿאַרוואָס האָט די ליבע ניט צוגעקלערט קיין ווערטער? זי וואָלט א שענערן נאָמען אים געגעבן.

דאָס אָרט, פאָטער, שלאָג מיר נאָר ניט איבער, דאָס דאָזיקע אָרט... דאָס איז דער קייווער.

מילער. (גיט זיכ א וואקל, כאפט זיכ אָנ פארנ הענטל פונ שטול.) אָ, גאָט!

לויזע. (גייט צו צו אימ אונ האלט אימ אונטער.) הער אופ, מײַנ פאָטער! דאָס וואָרט בלויז איז שרעקלעכ... פארטרײַב דאָס וואָרט... אונ דו וועסט דערזענ א הײַראט־בעט, איבער וועלכנ דער מאָרגנ שפרייט זײַנ גאָלדענעמ טעפיכ אונ דער פרילינג שיט זײַנע בונטע גירליאנדעס. בלויז א פארפלוכטער זינדיקער קאָנ דעמ טויט אָנרופנ סקעלעט. עס איז א שיינער, צערטלעכער יונג, פונקט אזא בליִענדיקער, ווי מע מאָלט דעמ גאָט פונ ליבע, אָבער ניט אזא קלוגיטשקער... דאָס איז א שטילער געהאָרכזאמער געני, וואָס דערלאנגט די האנט דער פארמאטערטער וואנדערנ — דער נעשאָמע איבער דעמ גרובנ פונ צײַט. ער עפנט אופ פאר אײַכ די ווונדערבארע פאלאצנ פונ אייביקער פרייד, ער שמייכלט פרײַנטלעכ, אונ דערנאָכ פארשווינדט ער.

מילער. וואָס האָסטו עס פארטראכט, טאָכטער? דו ווילסט באגיינ זעלבסטמאָרד?

לויזע. רופ עס ניט אזוי, פאָטער! באפרײַענ אנ אָרט אינ געזעלשאפט, ווו איכ בינ אנ איבעריקע — לויפנ אהינ, וווהינ כ'וואָלט סײַווי גיכ באדארפט קומענ. שוינ־זשע איז דאָס אלצ א זינד?

מילער. זעלבסטמאָרד איז א שרעקלעכע זינד, מײַנ קינד, די איינציקע זינד, וועלכע קאָנ ניט פארגעבנ ווערנ, ווײַל טויט אונ פארברעכנ פאלנ דאָ צונויפ.

לויזע. (בלײַבט שטיינ אומבאוועגלעכ.) שרעקלעכ! אָבער דער טויט וועט דאָכ ניט באלד קומענ. איכ וועל זיכ ארײַנוואָרפנ אינ טײַכ, פאָטער, אונ בייסנ זינקענ וועל איכ בעטנ גאָט וועגנ דערבארעמונג!

מילער. דאָס איז אלצאיינס ווי בעטנ, מע זאָל דיר פארגעבנ גנייווע, אונ אינ דער זעלבער צײַט באהאלטסטו דאָס געגאנוועטע אינ א זיכער אָרט... טאָכטער! טאָכטער! דו באליידיק ניט גאָט, ווײַל דו נייטיקסט זיכ מער פאר אלצ אינ זײַנ גנאָד. אכ! ווײַט ביסטו פארגאנגענ!



דו האָסט אופגעהערט גאָט צו בעטנ, אונ דער בארמהערציקער האָט צוגענומענ זײַנ האנט פונ דיר.

לויזע. ליב האָבנ איז דענ א פארברעכנ, פאָטער?

מילער. אויב דו וועסט ליבנ גאָט, וועט דיכ די ליבע ניט דערפירנ ביז פארברעכנ. דו האָסט מיכ טיפ אײַנגעבויגנ, מײַנ איינציקע! טיפ־טיפ, פילײַכט וועט עס מיכ שוינ צומ קייווער ברענגענ. אָבער איכ וויל ניט מאכנ דײַנ הארצ נאָכ שווערער, טאָכטער! איכ האָב דאָ פריִער עפעס געזאָגט. איכ האָב געמיינט, אז כ'בינ אליינ. דו האָסט עס געהערט, איז צוליב וואָס דארפ איכ עס נאָכ האלטנ בעסאָד? דו ביסט געווענ מײַנ צווייטער גאָט. הער אויס, לויזע, אויב דו האָסט נאָכ אנ אָרט פאר ליבע צומ פאָטער — דו ביסט געווענ פאר מיר אלצ. איצטער ברענגסטו אומ ניט בלויז דײַנ אייגנטומ. אויכ איכ וועל אלצ פארלירנ. דו זעסט, מײַנע האָר הייבנ אָנ צו ווערנ גראָוו. ביסלעכווײַז קומט די צײַט, ווענ די עלטערנ הייבנ זיכ אָנ צו נייטיקנ אינ דעמ קאפיטאל, וואָס זיי האָבנ ארײַנגעלייגט אינ די הערצער פונ זייערע קינדער. אונ דו ווילסט מיכ דאָ אָפנארנ לויזע? ווילסט אנטלויפנ מיטנ גאנצנ האָב־אונ־גוטס פונ דײַנ פאָטער?

לויזע. (קושט זײַנ האנט, טיפ גערירט.) ניינ, מײַנ פאָטער! איכ וועל פארלאָזנ די וועלט אלס דײַנער א באלכויוו אונ וועל דיר אינ דער אייביקייט מיט פראָצענט באצאָלנ.

מילער. זע, מײַנ טאָכטער, דו זאָלסט דאָרט קיינ טאָעס ניט האָבנ אינ כעזשבנ! (שטרענג אונ פײַערלעכ:) מיר וועלנ זיכ דאָרט נאָכ באגעגענענ?... אכ, דו ווערסט בלאס! מײַנ לויזע פארשטייט עס אליינ, אז אפ יענער וועלט וועל איכ זי שוינ ניט טרעפנ: ווײַל איכ אײַל ניט אהינ צוזאמענ מיט איר. (לויזע פאלט צו צו זײַנ אקסל, ציטערט פונ אופרעגונג, ער דריקט זי הייס צו צו זײַנ ברוסט אונ זעצט פאָר מיט א בעטנדיקער שטימ.) אָ, טאָכטער, טאָכטער! געפאלענע, פילײַכט שוינ פארלוירענע טאָכטער מײַנע! הער אויס דעמ פאָטערס הארציק וואָרט. איכ קאָנ דיכ ניט אײַנהיטנ! איכ וועל בא דיר דאָס מעסער צונעמענ, וועסטו זיכ אויכ מיט א שפילקע טייטנ. איכ וועל דיכ פונ גיפט אָפהיטנ, קאָנסטו זיכ דערשטיקנ מיט א שנירל פערל. לויזע... לויזע, בלויז וואָרנענ קאָנ איכ דיכ... אָדער

דו ווילסט עפשער, אז דײַנ אומזיכער שפּילעכל זאָל פונ דיר פארשווינדנ אפנ גרויזאמענ איבערגאנג פונ צײַט צו אייביקײַט? אָדער דו ווערסט וואגנ קומענ צום טראָנ פונ דעם אלווייסנדנ מיט א ליגנ: „דיר צוליב, שעפער, בינ איכ אהער געקומענ!“ אינ דער צײַט, ווענ דײַנע זינדיקע אויגנ וועלנ נעמענ זוכנ דײַנ ערדיש שפּילעכל? אונ אויב דער דאָזיקער שוואכער אָפּגאָט פונ דײַנ הארצנ,* ווי דו, פארוואנדלט אינ א וואָרעמ, וועט פויזענ בא די פיס פונ דײַנ ריכטער אונ וועט אינ דער דאָזיקער גרויזאמער מינוט אָפּנארנ דײַנ גאָטלאָזע זיכערקײַט אונ וועט דײַנע אָפּגענארטע האָפענונגענ אָנווײַזנ אפ דער אייביקער דערבארעמונג, וועלכע דער אומגליקלעכער איז ניט אימשטאנד פאר זיכ זעלבסט אויסבעטנ — איז וואָס וועט דעמלט זײַנ? (העכער אונ דײַטלעכער.) וואָס וועט דעמלט זײַנ, דו אומגליקלעכע? (ער נעמט זי ארומ פעסטער, קוקט זי א ווײַלע אָנ אומבאוועגלעכ אונ דורכדרינגענד, דערנאָכ לאָזט ער זי פלוצעמ ארויס פונ זײַנע אָרעמס.) איצט ווייס איכ מער גאָרניט... (הייבט אופ די רעכטע האנט.) איכ קאָנ דיר מער ניט אָרעוו זײַנ פאר דער דאָזיקער נעשאָמע, אייביקער ריכטער! טו, וואָס דו ווילסט. ברענג דעמ שלאנקנ יונגנ קאָרבנ, פונ וועלכנ עס וועט זיכ דערפרייענ דער טײַוול, אונ דער מאלעכ דער היטער וועט אינ שרעק אָפּטרעטנ. גיי! לאָד אָנ אפ דיר אלע זינד, אונ אויכ די דאָזיקע לעצטע זינד, די שרעקלעכסטע, אונ אויב די לאסט וועט נאָכ אלצ לײַכט זײַנ, וועל איכ צו דיר צוגעבנ מײַנ פלוכ... אָט האָסטו א מעסער — שטעכ דורכ דײַנ הארצ אונ... (וויינט הויכ אונ וויל אוועקגיינ.) אויכ דעמ פאָטערס הארצ!

לויזע. (שפּרינגט אופ אונ לויפט אימ נאָכ.) ווארט אויס! ווארט אויס! אָ, מײַנ פאָטער! אינ דעמ פאָטערס צארטקײַט איז פאראנ אסאכ מער אכזאָריעסדיקער גוואלדטאט, איידער אינ דער צאָרניקסטער פײַניקונג. וואָס זאָל איכ טונ? איכ קאָנ ניט! וואָס זאָל איכ טונ?

מילער. אויב די קושנ פונ דײַנ מאיאָר זײַנענ הייסער פונ די טרערנ פונ דײַנ פאָטער — איז שטארב!

לויזע. (נאָכ א מאטערנדיקנ קאמפ, מיט פעסטקײַט.) פאָטער! אָט איז מײַנ

---

* פערדינאנד.



האנט! איכ וויל ניט. גאָט! גאָט! וואָס טו איכ? אפ וואָס גיי איכ?.. פאָטער, איכ שווער... ווײ איז מיר, ווײ! א פארברעכערנ בינ איכ, וווּהינ איכ זאָל זיכ ניט ווענדנ. פאָטער, זאָל זײַנ, ווי דו זאָגסט!.. פערדינאנד... גאָט איז מײַנ איידעס... איכ וועל פארניכטנ אינ זיכ דעמ לעצטנ אָנדענק וועגנ אימ (זי צערײַסט איר בריוו).

מילער. (נעמט זי פריידיק ארומ.) אָט דאָס איז מײַנ טאָכטער! גיב א קוק אפ מיר! דו האָסט ניט קיינ געליבטנ, דערפאר האָסטו א גליקלעכנ פאָטער. (נעמט זי ארומ, לאכט אונ וויינט איינצײַטיק.) לויזע, קינד מײַנס! דאָס גאנצע לעבנ מײַנס האָט ניט די ווערט דעמ דאָזיקנ טאָג. איינ גאָט ווייסט, ווי איכ, א נישטיקער מענטש, האָב אזא מאלעכ פאר א טאָכטער! לויזע! מײַנ גאניידנ! אָ, גאָט! איכ פארשטיי זייער ווייניק אינ ליבע, אָבער וואָס פאר א ווייטעק מוז עס זײַנ אופהערנ ליבנ — דאָס פארשטיי איכ.

לויזע. אָבער אוועק פונ דעמ דאָזיקנ לאנד, פאָטער! אוועק פונ דער דאָזיקער שטאָט, ווו מײַנע כאווערטעס שפּעטנ איבער מיר, אונ ווו כ׳האָב אפ אייביק פארלוירנ מײַנ גוטנ נאָמענ. ווײַטער, ווײַטער פונ דעמ דאָזיקנ אָרט, ווו ס׳איז פאראנ אזויפיל שפּורנ פונ מײַנ פארלוירנ גליק! אוועק פונדאנענ וואָס ווײַטער!

מילער. וווהינ דו ווילסט, מײַנ טאָכטער! גאָטס ברויט וואקסט אומעטום, ס׳וועלנ זיכ אויכ געפינענ אויערנ פאר מײַנ פידל. יאָ! זאָל אפילע בא אונדז גאָרניט ניט בלײַבנ — איכ וועל אפ די נאָטנ אריבערפירנ די געשיכטע פונ דײַנ אומגליק, כ׳וועל פארפאסנ א ליד וועגנ א טאָכטער, וואָס האָט אויס ליבע צו איר פאָטער איר הארצ צעריסנ — אונ מיר וועלנ אומגיינ מיט דער דאָזיקער ליד פונ הויפ צו הויפ, אונ ס׳וועט אונדז ליב זײַנ נעמענ א נעדאָווע בא מענטשנ, וואָס האָבנ אונדזער גוירל באוויינט.

## צווייטע סצענע

פערדינאנד אונ די פריערדיקע.

לויזע. (דערזעט אימ די ערשטע, ווארפט זיכ מימ א געשריי צו מילערנ אפנ האלדז.) גאָט! דאָס איז ער! איכ בינ פארפאלנ!

מילער. ווו? ווער?

לויזע (ווײַזט מיט אַן אָפּגעקערטן געזיכט אַפּן מאַיאָר און דריקט זיך פעסטער צו צום פאָטער.) ער! ער אַליין! גיב אַ קוק, פאָטער... ער איז געקומען מיך דערהארגענען!

מילער. (דערזעט אים, טרעט אָפּ צוריק.) וואָס? איר זײַנט דאָ, באַראָן?

פערדינאַנד. (קומט שטיל צו נעענטער, בלײַבט שטיין אַנטקעגן לויזען און שטעלט אָן אויף איר זײַן אומבאַוועגלעכן, פאַרשנדיקן בליק. נאָך אַ פּאַוזע.) אַ דאַנק דיר, איבעראַשטער געוויסן. דײַן אַנערקענונג איז שרעקלעך, אָבער שנעל און ריכטיק, און איך דאַרף ניט אָנווענדן קיין פּײַניקונג. אַ גוטן אָוונט, מילער!

מילער. אָבער אום גאָטעס ווילן! וואָס פאַרלאַנגט איר, באַראָן? וואָס האָט אײַך געבראַכט אַהער? וואָס הייסט עס?

פערדינאַנד. איך געדענק נאָך די צײַט, ווען מע האָט דאָ דעם טאָג צעטיילט אַף סעקונדן און ווען מע האָט אין בענקעניש ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון דעם לאַנגזאַמען זייגער, און לויט דעם קלאַפּן פון הארצן אויסגערעכנט די מינוטן, ווען איך דאַרף קומען. פאַרוואָסזשע האָט מײַן קומען איצט אַזוי איבעראַשט?

מילער. גייט אַוועק, באַראָן! אויב אין אײַער הארצן איז פאַראַן כאָטש איין פונק פון מענטשלעכקײַט, אויב איר ווילט ניט דערהארגענען די, וועלכע, ווי איר זאָגט, איר האָט ליב, איז אַנטלויפט, בלײַבט דאָ ניט קיין מינוט מער! גאָטס זעגן איז אַוועק פון מײַן הויז, ווי נאָר איר האָט איבערגעטראָטן די שוועל. איר האָט דעם אומגליק געבראַכט אונטער מײַן דאַך, וווּ ס'האָט געהערשט בלויז פרייד. זײַנט איר נאָך ניט צופרידן? ווילט איר נאָך צעיאַטערן די ווונד, וואָס מײַן טאָכטער האָט געקריגן אַדאַנק דער אומגליקלעכער באַקאַנטשאַפט מיט אײַך?

פערדינאַנד. ווונדערלעכער פאָטער! איך בין איצט געקומען מעלדן דײַן טאָכטער עפּעס פריילעכס.

מילער. פילײַכט נײַע האָפענונגען, וואָס פירן צו אַ נײַער פאַרצווייפלונג? גיי אַוועק, דו, אומגליק-אָנזאָגער! דײַן געזיכט שענדעט דײַנע נאַכריכטן.



פערדינאַנד. ענדלעך איז דערגרייכט דער ציל פון מײַנע האָפענונגען! די לעדי מילפאָרד, די שרעקלעכסטע שטערונג פון אונדזער ליבע, האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד, מײַן פאָטער באַגיטיקט מײַן אויסוואַל, דער שיקזאַל הערט אונדז אויף צו פאַרפאָלגן. עס גייט אויף אונדזער גליקלעכער שטערן. איך בין געקומען אויספילן מײַן וואָרט און פירן מײַן קאַלע צום אַלטאַר.

מילער. דו הערסט, לויזע? דו הערסט, ווי ער שפּעט איבער דײַנע אָפּגענאַרטע האָפענונגען? אָ, ריכטיק, באַראָן! עס פּאַסט דעם פאַרפירער זיך וויצלען איבער זײַן פאַרברעכן.

פערדינאַנד. דו מיינסט, איך שפּאַס? איך שווער בײַ מײַן ערע, אַז ניין! דאָס, וואָס איך האָב דאָ אַרויסגעזאָגט, איז פּונקט אַזוי ריכטיק, ווי די ליבע פון מײַן לויזען, און איך וועל פּונקט אַזוי הייליק האַלטן מײַנע ווערטער, ווי זי היט אירע שוווּעס. פאַר מיר איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל קאָנען זײַן הייליקער... דו גלייבסט נאָך אַלץ ניט? איך זע נאָך ניט קיין פרייד אַפן געזיכט פון מײַן שיינער פרוי? מאָדנע! דער ליגן איז דאָ, ווײַזט אויס, אַ גאַנגבאַרע מאַטבייע, דערײַבער איז דער עמעס אַזוי אומבאַגלויבט: איר גלייבט ניט אין מײַנע ווערטער? איז גלייבט-זשע דעם דאָזיקן שריפטלעכן באַווײַז. (ער וואַרפט לויזען איר בריוו צום מאַרשאַל.) (לויזע צעוויקלט דעם בריוו, זי ווערט בלאַס און פאַלט כאַלאָשעס.)

מילער. (באַמערקט עס ניט. צום באַראָן.) וואָס זאָל עס הייסן, באַראָן? איך פאַרשטיי אײַך ניט.

פערדינאַנד. (פירט אים צו צו לויזען.) איז נאָך בעסער האָט זי מיך פאַרשטאַנען!

מילער. (פאַלט צו צו דער טאָכטער.) אָ, גאָט, טאָכטער מײַנע!

פערדינאַנד. (בלאַס, ווי דער טויט.) ערשט איצט געפעלט זי מיר, דײַן טאָכטער! זי איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי שיין, דײַן פרומע, ערלעכע טאָכטער! איר פּנים, איז ווי בײַ אַ טויטן! דער אָטעם פונעם געטלעכן עמעס, וואָס ווישט אָפּ דעם פאַלשן גלאַנץ פון יעדער ליגן, האָט אירע באַקן בלאַס געמאַכט, די באַקן פון דער דאָזיקער קינסטלערן, וואָס האָט

אויך די הייליקע מאלאָכים אָפּגענאַרט. אָט דאָס איז איר שענסטער געזיכט! דאָס איז איר עמעס געזיכט! לאָז מיך זי א קוש טון! (וויל צוגיין צו איר.)

מילער. צוריק! אוועק! טשעפּע ניט דעם פּאָטערס הארץ, דו יונג איינער! איך האָב זי ניט געקאָנט אָפּהיטן פון דײַנע צערטלעכקײַטן. אָבער איך קאָן זי נאָך אָפּהיטן פון דײַנע באליידיקונגען.

פערדינאנד. וואָס ווילסטו, אלטער? מיט דיר האָב איך קיינע געשעפטן. דו פּלאָנטער זיך ניט ארײַן אין דער שפּיל, זי איז פארשפּילט. נאָר עפּשער ביסטו אויך קליגער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט? פילײַכט האָסטו מיט דײַן זעכציקיעריקער דערפארנקײַט מיטגעהאָלפן דײַן טאָכטער אין אירע ליבע־פארווײַלונגען און פארשעמט דײַנע גראָווע האָר מיט דער פּראָפעסיע פון א קופּלער? אָ, אויב דאָס איז ניט געווען, איז לייג זיך אוועק דו, אומגליקלעכער אלטער, און שטארב! ס'איז נאָך פאראן צײַט! דו קאָנסט נאָך אײַנשלאָפן אין זיסן טרוים, אז דו ביסט געווען א גליקלעכער פּאָטער! נאָך א מינוט, און דו וועסט א שלײַדער טון די גיפטיקע שלאנג אין דעם גיהענעם, וואָס האָט זי געבוירן, דו וועסט פארשעלטן דעם געשאנק און דעם שענקער און וועסט קומען צום קייווער, לעסטערנדיק גאָט. (צו לויִזען.) זאָג, דו אומגליקלעכע! דו האָסט געשריבן דעם דאָזיקן בריוו?

מילער. (וואָרנט לויִזען.) אום גאָטעס ווילן, טאָכטער! פארגעס ניט! פארגעס ניט!

לויִזע. אָ, דער דאָזיקער בריוו, פּאָטער...

פערדינאנד. איז ארײַנגעפאלן ניט אין די ריכטיקע הענט? געבענטשט זאָל זײַן דער צופאל! ער שאפט גרעסערע טאטן, איידער דער קלוגער פארשטאנד, און איז פעסטער אלס דער פארשטאנד פון אלע כאכאָמים אין דער וועלט. א צופאל, האָב איך געזאָגט?.. אָ, די האשגאָכע געפינט זיך אויך באם פאלן פון א שפּערלינג, — פארוואָס זאָל זי ניט זײַן באם דעמאסקירן פונעם טײַוול? איך וויל אן ענטפער! דו האָסט געשריבן דעם דאָזיקן בריוו?

מילער. (צו לויִזען מיט א בעטנדיקער שטים.) שרעק זיך ניט! זײַ שטארק,



מײַן טאָכטער! נאָך איין יאָ, און ס'וועט קומען א סאָף צו דעם אלעמען.

פערדינאנד. שיין! שיין! אויך דעם פּאָטער אָפּגענארט! אלעמען אָפּגענארט! גיט א קוק אף איר, אף אָט דער אומפארשעמטער! און איר צונג וויל שוין ניט זײַן געהאָרכזאם איר לעצטן ליגן! שווער בא גאָט! בא דעם גרויזאמען און אייביקן עמעסן גאָט! דו האָסט געשריבן דעם דאָזיקן בריוו?

לויִזע. (נאָך אן אינערלעכן שווערן קאמף, רעדט זיך דורך מיט בליקן מיטן פּאָטער, דערנאָך פעסט און אנטשיידן.) איך האָב אים געשריבן.

פערדינאנד. (בלײַבט שטיין דערשראָקן.) לויִזע!.. ניין! כ'שווער בא מײַן נעשאָמע, דו לײַגסט... בא פײַניקונג דערקלערט אויך די אומשולד דעם פארברעכן, וואָס זי איז ניט באגאנגען... איך האָב צו שארף געפרעגט. ריכטיק, לויִזע?.. דו האָסט אף זיך גענומען די שולד נאָר דערפאר, ווײַל איך האָב צו שארף געפרעגט?

לויִזע. איך האָב געזאָגט דעם עמעס!

פערדינאנד. ניין, זאָג איך, ניין, ניין! דו האָסט אים ניט געשריבן. דאָס איז גאָר ניט דײַן האנט... און אויב אפילע יאָ, איז שוין זשע נאָכמאכן א האנטשריפט שווערער, איידער פארדארבן א נעשאָמע? זאָג מיר דעם עמעס, לויִזע... אָדער ניין... ניין... זאָג ניט! דו קאָנסט זאָגן יאָ. און איך וועל אומקומען. זאָג א ליגן לויִזע, זאָג א ליגן!.. אָ, ווען דו זאָגסט א ליגן איצטער מיט דײַן ריינעם אומשולדיקן אויסזען, און דו וואָלסט איבערצײַגט מײַנע אויערן, מײַנע אויגן, אָבער מײַן הארץ וואָלסטו אבוזאָריעש אָפּגענארט! אָ, לויִזע, איין וואָרט דײַנס וואָלט געקאָנט ארויסטרײַבן דעם עמעס פון דער וועלט און די אומזיגבארע גערעכטיקײַט פארוואנדלען אין קנעכטישער הויפישער כניפע! (מיט ציטערנדיקער שטים.) דו האָסט געשריבן דעם דאָזיקן בריוו?

לויִזע. כ'שווער בא גאָט! בא דעם גרויזאמען און אייביקן עמעסן גאָט — איך האָב עס געשריבן!

פערדינאנד. (נאָך א פּאוזע מיט אן אויסדרוק פון טיפסטע ליידן.) פרוי! פרוי! מיט וואָס פאר אן אויגן דו קוקסט אף מיר! ווען דו וואָלסט מיט דעם

דאָזיקן אויסזען פֿריידן פֿון גאַניידן געטיילט, וואָלסטו ניט געפֿונען קיין באַלאָנים אַפֿילע אין גענעם. ווייסטו, לויזע, וואָס דו ביסט פֿאַר מיר געווען? אומעגלעך! ניין! דו ווייסט ניט, אַז דו ביסט פֿאַר מיר געווען אַלץ! אַלץ!.. דאָס איז אַן אָרעם, נישטיק וואָרט, אָבער די גאַנצע אייביקייט קאָן עס קאַם אַרײַננעמען, גאַנצע וועלט־סיסטעמען דרייען זיך אין אים. אַלץ! און אַזוי פֿאַרברעכעריש זיך אַ שפּיל טון דערמיט — אָ, דאָס איז שרעקלעך!

לויזע. איך האָב זיך אײַך מוידע געווען, הער פֿאָן־וואַלטער! איך האָב זיך אַליין פֿאַרמישפּעט. איצט גייט זיך! פֿאַרלאָזט דאָס הויז, ווו איר זײַנט געווען אַזוי אומגליקלעך!

פערדינאַנד. גוט! גוט! איך בין, רויִק... רויִק איז אויך דער פֿאַרוויסטער גאַניידן, נאָכדעם, ווי די פּעסט האָט אים באַזוכט. איך בין רויִק. (נאָך אַ ווײַלע טראַכטן) נאָר איין ביטע, לויזע... די לעצטע ביטע! מײַן קאָפּ ברענט אין פֿיבער. איך מוז זיך אָפּפֿרישן. מאַך מיר אַ גלאָז לימאָנאַד. (לויזע גייט אַוועק.)

## דריטע סצענע

פערדינאַנד און מילער.

(ביידע שפּאַנען אַ ווײַלע אין פֿאַרשיידענע זײַטן פֿון צימער.)

מילער. (בלײַבט ענדלעך שטיין און באַטראַכט דעם מאַיאָר מיט אַ טרויעריקן אויסזען.) ליבער באַראָן, פֿילײַכט וועט עס אַ ביסל פֿאַרלײַכטערן אײַער אומגליק, אויב איך וועל אײַך זאָגן, אַז איר טוט מיר האַרציק באַנק.

פערדינאַנד. הערט אויף, מילער! (ווידער אייניקע טריט.) איך פֿאַרשטיי קאַם, מילער, ווי איך האָב אין דײַן הויז געטראָפֿן... און צוליב וואָס?

מילער. וואָס הייסט, באַראָן? איר האָט דאָך געוואָלט בײַ מיר זיך לערנען שפּילן אויף דער פֿלייטע? שוין־זשע האָט איר דאָס פֿאַרגעסן?

פערדינאַנד. (שנעל.) איך האָב דערזען דײַן טאָכטער! (ווידער עטלעכע מינוט פֿון שווײַגן.) דו האָסט ניט געהאַלטן קיין וואָרט, פֿרײַנט מײַנער! מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז אונדזערע איינזאַמע לעקציעס זאָלן זײַן רויִק. דו האָסט מיך אָפּגענאַרט און מיר פֿאַרקויפֿט סקאָרפּיִאָנען. (באַמערקט, ווי מי־



לער איז אומרויִק.) ניין, דערשרעק זיך ניט. אַלטער מאַן! (נעמט אים אַרום מיט געפֿיל.) דו ביסט ניט שולדיק.

מילער. (ווישט די אויגן.) דאָס ווייסט דער אַלוויסנדיקער גאָט!

פערדינאַנד. (שפּאַנט ווידער הין און צוריק, פֿאַרזונקען אין שוואַרצע געדאַנקען.) אומגעהערט! אָ, ווי אויסערגעוויינלעך גאָט שפּילט מיט אונדז... אויף דינע אומבאַמערקלעכע פֿעדעם הענגען אָפֿט שווערע געוויכטן. האָט דער מענטש געוווּסט, אַז מיט דעם דאָזיקן עפּל פֿאַרזוכט ער דעם טויט!.. הם... צי דען האָט ער עס געוווּסט? (שפּאַנט נאָך שנעלער הין און צוריק, דערנאָך אין גרויס אויפֿרעגונג נעמט ער אָן מילערן פֿאַר דער האַנט.) מילער? איך צאָל דיר צו טײַער פֿאַר די עטלעכע לעקציעס פֿלייטע־שפּילן... אָבער אויך דו האָסט דערפֿון ניט געווּנען. און מעגלעך, אַז דו פֿאַרלירסט אַלץ. (גייט אַוועק פֿון אים אין אויפֿרעגונג.) צוליב וואָס האָב איך זיך באַדאַרפֿט נעמען פֿאַר דער דאָזיקער אומגליקלעכער פֿלייטע?

מילער. (באַמיט זיך באַהאַלטן זײַן אויפֿרעגונג.) פֿאַרוואָס איז אַזוי לאַנג ניטאָ דער לימאָנאַד? זאָל איך פֿילײַכט גיין אַ קוק טון, אויב איר וועט דערלויבן.

פערדינאַנד. עס איז ניט אײַליק, ליבער מילער. (פֿאַר זיך) דער פֿאָטער האָט זיך אַוודע ניט וואָס צו אײַלן. (צו מילערן) בלײַב דאָ... וואָס האָב איך געוואָלט פֿרעגן... יאָ! איז לויזע דײַן איינציקע טאָכטער? כוץ איר האָסטו קיין קינדער ניט?

מילער. (וואַרעם.) איך האָב מער ניט, באַראָן, און מער דאַרף איך ניט... דאָס מיידל געוועלטיקט איבער מײַן פֿאָטעריש האַרץ... וויפֿל ליבע כ׳האָב פֿאַרמאָגט, האָב איך איר אָפּגעגעבן.

פערדינאַנד. (טיף דערשיטערט.) האַ!.. גיב נאָר אַ קוק, וואָס איז דאָרט מיטן געטראַנק, ליבער מילער! (מילער אָפּ.)

## פערטע סצענע

פערדינאַנד אַליין.

פערדינאַנד. דאָס איינציקע קינד!.. פֿילסטו עס, מערדער דו? דו הערסט, דאָס איינציקע! און דער מענטש האָט גאָרניט אויף גאָטס

װעלט אכוצ זייַנ פידל און דאָס אײנציקע קינד זייַנס... און דו װילסט אים באַרױבנ? באַרױבנ? צורױבנ דעם לעצטנ גראָשנ באַם בעטלער! צעבערעכנ די קוליעס פונ א הינקענדיקנ און זיי א װאָרפ טונ צו זייַנע פיס? װאָס? און מיר װעט דערופ קלעקנ אכזאָריעשקייַט? און ער װעט גאָרניט דערװאַרטנ, ער װעט אייַלנ אהײם, קעדײ אפנ פּאָנעם פונ דער טאָכ־טער דערזענ די גאַנצע פרײד זייַנע, און פלוצעם... ער גײט ארייַנ, זי ליגט, װי א פארװעלקט בלימל — טױט, צעטראָטנ... די לעצטע, אײנצי־קע, די גרעסטע האָפענונג!.. און ער שטעלט זיכ אָפּ לעבנ איר, און שטײט, און בא דער גאַנצער נאַטור האָט זיכ װי אָפּגעשטעלט דער לע־בעדיקער אָטעם, און דער פארגליװערטער בליק זייַנער בלאָנדזעט איבערנ װיסטנ אומענדלעכנ רוים און זוכט גאָט, ער קאָנ אים שױנ מער ניט געפינענ, און װערט אױסגעלאָשנ... גאָט... גאָט! אָבער אױכ מייַנ פאָטער פארמאָגט אנ אײנונאײנציקנ זונ, אָבער ניט קײנ אײנונאײנציקנ רייַכטום. (נאָכ א פאוזע) איז װיאַזױ? אָבער װאָס פארלירט ער דענ? װיאַזױ קאָנ דאָס מײדל גליקלעכ מאכנ דעם פאָטער, אױב די הײליקסטע ליבע־געפילנ זייַנענ פאר איר בלױז שפּילעכלעכ געװענ? נײנ, נײנ! איכ פאר־דינ נאָכ א דאנק דערפאר, װאָס איכ װעל צעטרעטנ די גיפטיקע שלאַנג, נאָכ אײדער זי װעט פארװוּנדנ דעם פאָטער.

## פינפטע סצענע

מילער, װאָס איז צוריקגעקומענ, פערדינאנד.

מ י ל ע ר. גלייַכ װעט מענ אייַכ דערלאנגענ, באַראָנ. זי זיצט, מייַנ אָרעמ קינד, און װערט צעריסנ פונ געװײנ. זי װעט אייַכ נאָכ אינעם לימאָנאד אָנגיסנ טרערנ.

פ ע ר ד י נ א נ ד. ס'װעט זייַנ גוט, אױב דאָרט װעלנ זייַנ נאָר טרערנ. פריִער האָבנ מיר װעגנ מוזיק גערעדט, מילער. (נעמט ארױס דעם בייַטל.) איכ בינ דיר נאָכ שולדיק!

מ י ל ע ר. װאָס הײסט? װאָס? הערט אופ, באַראָנ! פאר װעמענ האלט איר מיכ? ס'װעט ניט פארפאלנ װערנ. טוט מיר ניט אָנ דעם ביזױענ... מיט גאָטס הילפ, מיר זעענ זיכ ניט צום לעצטנ מאָל.



פ ע ר ד י נ א נ ד. װער קאָנ עס װיסנ? נעמ עס. דאָס איז אפנ פאל פונ טױט.

מ י ל ע ר. (לאכט.) הערט אופ, באַראָנ! אפ דעם פאל קאָנ מענ בא אייַכ װאָס װײניקער מוירע האָבנ.

פ ע ר ד י נ א נ ד. מע האָט ניט מוירע געהאט... אָבער דו האָסט דענ ניט געהערט, אז מע שטארבט אױכ יונגערהײט? ס'שטארבנ מײדלעכ און יונגעלייַט־קינדער, די דאָזיקע האָפענונגענ, די דאָזיקע לופט־שלעסער פונ די אָפּגענארטע עלטערנ. װאָס דער װאָרעמ און די עלטער װעלנ ניט אָפּטונ, דאָס קאָנ דער דונער טונ. אױכ דייַנ לויִזע איז ניט אומ־שטערבלעכ.

מ י ל ע ר. גאָט האָט זי מיר געגעבנ.

פ ע ר ד י נ א נ ד. הער מיכ אױס... איכ זאָג, זי איז אױכ ניט אומ־שטערבלעכ. די טאָכטער איז דיר טייַער, װי דאָס שװארצאפּל פונ אױג. דו האָסט זיכ צו איר צוגעבונדנ מיט לייַב און לעבנ. זייַ פאָרזיכטיק, מילער. נאָר א פארצװײפלטער שפּילער שטעלט אלצ אייַנ אינ אײנ קאָנ. א ריזיקאנט הײסט בא אונדז דער סױכער, װאָס לאָדט אָנ זייַנ גאַנצ פארמעגנ אפ אײנ שיפ. הײ, דו, הער זיכ צו צו מייַנ װאָרענונג! אָבער פארװאָס נעמסטו ניט דאָס געלט?

מ י ל ע ר. װאָס, מייַנ הער? דעם דאָזיקנ שװערנ טייַסטער? װאָס האָט אייַער געפעליקייַט צוגעטראכט?

פ ע ר ד י נ א נ ד. דאָס איז מייַנ כױװ! נעמ עס! (װארפט דעם טייַסטער אפנ טיש אזױ, אז ס'קױקלענ זיכ פונ דאָרט ארױס אײניקע מאטבײעס.) צי דענ קאָנ איכ זיכ אײביק ארומטראָגנ דערמיט?

מ י ל ע ר. (פארװוּנדערט.) װאָס? גרױסער גאָט! דאָס קלינגט ניט װי זילבער־געלט. (גײט צו צום טיש. שרייַט אױס אינ שרעק.) װאָס אזױנס, באַראָנ? אומ גאָטעס װילנ! װוּ זייַנט איר? װאָס טוט איר, באַראָנ? דאָס הײסט צעשטרייַטקייַט! (פלעסקעט מיט די הענט.) דאָ ליִגט דאָכ, אָדער איכ בינ פארקישעפט, אָדער, שטראָפ מיכ גאָט, — דאָס איז דאָכ גאָלד, געל רײנ גאָלד! נײנ, טייַװל, דו װעסט מיכ דאָ ניט פאקנ!

פערדינאַנד. האָסט הײַנט אויסגעטרונקען אַלטן אָדער נײַעם ווײַן, מילער?

מילער. (גראָב.) דאָנער וועטער! גיב נאָר א קוק אהער, ס'איז דאָך גאָלד!

פערדינאַנד. נו, איז וואָס?

מילער. צום טײַוול! איך זאָג אײַך, אום גאָטעס ווילן, גיט א קוק... גאָלד!

פערדינאַנד. צי דען איז עס אזוי מערקווירדיק?

מילער. (נאָך א ווײַלע שווײַגן, גייט צו צו אים, מיט געפיל.) גנעדיקער הער, איך בין א פּאָשעטער מענטש, אָן קונצן. אַפּ שווינדל וועט איר מיך ניט ארופּבּרענגען. און אזויפיל געלט, גאָט ווייסט עס, קאָן מען ניט פאַרדינען ערלעך.

פערדינאַנד. (גערירט.) זײַ גאַנץ רויק, ליבער מילער. דאָס געלט האָסטו שוין לאַנג פאַרדינט, און זאָל מיך גאָט היטן, אויב איך האָב געוואָלט דײַן געוויסן מיט געלט קויפן.

מילער. (שפּריגגט אונטער, ווי א דולער.) הייסט עס, אז דאָס איז מײַנס! מײַנס! מיט גאָטס גוטן ווילן און וויסן איז דאָס מײַנס! (לויפט צו דער טיר און שרײַט.) ווײַב! טאָכטער! הורא! אהער! (קערט זיך אום.) אָבער גאָט אין הימל, ווי קומט עס צו מיר פּלוצעם אזא רײַכטום? וויאַזוי האָב איך עס פאַרדינט? וויאַזוי וועל איך עס אָפּצאָלן? אך!

פערדינאַנד. ניט מיט די מוזיק־לעקציעס, מילער. דאָס געלט באַצאָל איך דיר... (שטעלט זיך אָפּ.) איך באַצאָל עס דיר פאַר... (שווײַגט א ווײַלע, טרויעריק.) פאַר דעם דרײַכאַראָשימדיקן גליקלעכן טרוים פון דײַן טאָכטער!

מילער. (דריקט אים שטאַרק די האַנט.) גנעדיקער הער! וואָלט איר געווען א פּאָשעטער געוויינלעכער בּירגער (גיך) און מײַן מיידל וואָלט אײַך ניט ליב געהאַט — כ'וואָלט זי דערשטאָכן, דאָס מיידל. (גייט ווידער צו צום טיש און בייגט זיך אָן איבערן געלט.) אָבער בּאַ אײַך וועט דאָך גאָרנישט ניט בּלײַבן? וועל איך, הייסט עס, וואָס האָב פריילעך אָנגעהויבן, מוזן טרויעריק ענדיקן.



פערדינאַנד: זאָרג ניט וועגן דעם, פרײַנט. איך פאָר אוועק. און אין דעם לאַנד, וווּ איך וויל זיך באַזעצן, גייט ניט אָן קיין געלט.

מילער. (וואָס רײַסט ניט אָפּ פון געלט זײַנע גיריקע בליק, מיט אנטציקונג.) בּלײַבּט עס, הייסט עס, בּאַ מיר? בּאַ מיר? אָבער ס'טוט מיר זייער באַנג, וואָס איר פאָרט אוועק. איך וועל זיך עס איצט פאַריכטן! מיר וועלן זיך איצט באַווײַזן! (טוט אָן דעם הוט, גייט זיך דורך איבערן צימער.) לעקציעס וועל איך איצט געבּן אין גוטע ערטער, איך וועל איצט רויכערן נומער פינף „דרײַקעניג”, און אין טעאַטער וועל איך זיצן אַפּ אזעלכע ערטער, אז דער טײַוול זאָל עס נעמען! (וויל גיין.)

פערדינאַנד. וואַרט אויס! שווײַג און בּאַהאַלט דאָס געלט. (אויסדריקלעך) בּלויז דעם אָוונט שווײַג. און נאָך טו מיר א געפעליקײַט — פון הײַנט אָן גיב ניט מער קיין מוזיק־לעקציעס.

מילער. (נאָך היציקער, כאַפּט אָן דעם בּאַראָן פאַרן קנעפּל פון קאַמזויל, מיט גרויס פרייד.) און מײַן טאָכטער, הער! (לאָזט ארויס דאָס קנעפּל.) וואָס איז געלט פאַר א מאַנצבּיל? וואָס? מיר איז אַלציינס — עסן קאַרטאָפל אָדער א ווילדן האָן, אבי כ'בין זאַט. און דער דאָזיקער ראָק וועט אייביק גוט זײַן, אבי גאָטס ליבע זון זאָל ניט שײַנען דורך די אַרבּל. פאַר מיר איז געלט — א נאַרישקײַט. אָבער די טאָכטער דאַרף עס. וואָס כ'וועל נאָר אין אירע אויגן איבערלייענען — דאָס וועט זי האָבּן.

פערדינאַנד. (רײַסט אים שנעל איבער.) שווײַג, אך, שווײַג!

מילער. (מיט נאָך מער היץ.) און זאָל זי זיך פראַנצויזיש אויסלערנען גרינטלעך, און טאַנצן א מענועט און זינגען, אזוי אז מע זאָל וועגן איר אין די צײַטונגען שרײַבּן. און א הויב זאָל זי טראָגן אַפּ די בּעלער, ווי א טאָכטער פון אַן אָנגעשטעלטן, און פיר מײַלן אין ארום זאָל מען הערן וועגן פידלערס טאָכטער!

פערדינאַנד. (כאַפּט אים פאַר דער האַנט, אין גרויס אופרעגונג.) גענוג! גענוג! אום גאָטעס ווילן, שווײַג! נאָר הײַנט שווײַג! דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס איך פאָדער פון דיר אָנשטאָט א דאַנק.

## זעקסטע סצענע

לויִזע מיטן לימאָנאַד. די זעלביקע.

**לויִזע.** (מיט פאַרוויינטע אויגן, מיט אַ ציטערנדיקער שטים, טראָגט צו דעם מאַיאָר אַ גלאָז אויפֿן טעלער.) איר ווועט מיר זאָגן, אויב ס׳וועט ניט זײַן גענוג זיס.

**פערדינאַנד.** (נעמט די גלאָז, שטעלט זי אַוועק און דרייט זיך שנעל אויס צו מילערן.) אָ, כ׳האָב שיר ניט פֿאַרגעסן! קאָן איך דיך וועגן עפּעס בעטן, ליבער מילער? ווילסטו מיר טון אַ קליינע געפֿעליקייט?

**מילער.** אַפילו טויזנט געפֿעליקייטן. וואָס ווועט איר באַפֿעלן?

**פערדינאַנד.** מע ווועט אויף מיר וואַרטן מיט מיטיק. צום באַדויערן, האָב איך גאָר ניט קיין שטימונג. מיר איז זייער שווער צו זײַן איצט צווישן מענטשן. ווועסטו, פֿילײַכט, צוגיין צו מײַן פֿאָטער און זיך אַנטשולדיקן פֿאַר מיר?

**לויִזע.** (אין שרעק.) איך קאָן צוגיין.

**מילער.** צום פּרעזידענט?

**פערדינאַנד.** ניט צו אים אַליין. דו ווועסט אין גאַרדעראָב־צימער איבערגעבן אַ קאַמערדינער. כּדי מע זאָל דיר גלייבן, אָט האָסטו דיר מײַן זייגער. איך וועל זײַן דאָ, ביז דו ווועסט זיך אומקערן. וואַרט דאָרט אויף ענטפֿער.

**לויִזע.** (מיט אַ בעטנדיקער שטים.) צי דען קאָן איך עס ניט באַזאָרגן?

**פערדינאַנד.** (מילערן, וואָס קלײַבט זיך שוין גיין.) וואַרט אויס! אָט האָסטו דאָ אַ בריוו, וואָס איך האָב באַקומען אויף איבערגעבן דעם פֿאָטער... פֿילײַכט איז דאָרט עפּעס וויכטיקס פֿאַראַן. מיט איין גאַנג גיב אויך דאָס איבער.

**מילער.** גאַנץ גוט, באַראָן!

**לויִזע.** (נעמט אַרום מילערן אין גרויס שרעק.) אָבער פֿאָטער! דאָס אַלץ וואָלט איך דאָך געקאָנט באַזאָרגן.

**מילער.** דו אַליין אין אַזאַ פֿינצטערער נאַכט? (גייט אַוועק.)

**פערדינאַנד.** לײַכט צו דעם פֿאָטער, לויִזע. (אין דער צײַט, ווען זי באַגלייט דעם פֿאָטער מיט דער ליכט, גייט ער צו צום טיש און שיט אַרײַן סאַם אין דער גלאָז מיט לימאָנאַד.) יאָ, אויך זי, אויך זי! די אָבערמאַכט שיקט מיר איר שרעקלעכע אײַנשטימונג, די הימל־נקאָמע באַשטעטיקט עס, דער גוטער מלאך האָט זי פֿאַרלאָזט.

## זיבעטע סצענע

פערדינאַנד און לויִזע.

זי קערט זיך שטיל צוריק, שטעלט אַוועק דאָס ליכט אויפֿן טיש און שטעלט זיך אַוועק אַנקעגן דעם מאַיאָר. די אויגן אַראָפּגעלאָזט און ווען־ניט־ווען וואַרפֿט זי אַ שרעקעוודיקן בליק אויף אים. ער שטייט אויף דער צווייטער זײַט צימער און קוקט אומבאַוועגלעך פֿאַר זיך. אַ דויערנדיק און שווער שטילשווײַגן.

**לויִזע.** ווילט איר מיר, פֿילײַכט אַקאָמפּאַנירן, הער פֿאָן־וואַלטער? איך וועל זיך זעצן צום קלאַוויר. (זי עפֿנט די נאָטן. פערדינאַנד ענטפֿערט ניט. אַ פּאַוזע.) איר זײַנט מיר נאָך שולדיק אַ רעוואַנש אין שאַכמאַט. ווילט איר מיט מיר מאַכן אַ פּאַרטיע, הער פֿאָן־וואַלטער? (ווידער אַ פּאַוזע) הער פֿאָן־וואַלטער, דעם געלט־בײַטל, וואָס איך האָב אײַך צוגעזאָגט אויסשטיקן — איך האָב אים שוין אָנגעהויבן. ווילט איר אַ קוק טון? (ווידער אַ פּאַוזע.) אָ, איך בין אַזוי אומגליקלעך.

**פערדינאַנד.** (ענדערט ניט די לאַגע.) דאָס קאָן זייער זײַן.

**לויִזע.** דאָס איז ניט מײַן שולד, הער פֿאָן־וואַלטער, וואָס איך קאָן אײַך ניט פֿאַרווײַלן.

**פערדינאַנד.** (מיט אַ באַליידיקנדיקן געלעכטער.) מיט וואָס קאָנסטו פֿאַרווײַלן מײַן נאַרישע באַשיידנקייט?

**לויִזע.** איך האָב עס געוווּסט, אַז מיר קאָנען איצט ניט זײַן צוזאַמען. דעם עמעס געזאָגט, האָב איך זיך דערשראָקן, ווען איר האָט דעם פֿאָטער אַוועקגעשיקט. הער פֿאָן־וואַלטער, איך רעכן, אַז דער דאָזיקער אויגנבליק איז אומדערטרעגלעך פֿאַר אונדז ביידן. אויב איר ווועט דערלויבן, וועל איך גיין און וועל אַרײַנרופֿן עמעצן פֿון מײַנע באַקאַנטע.

**פערדינאַנד.** פאַרשטייט זיך, טו עס, איך וועל אויך גיין אוב רופן מײַנע באַקאַנטע.

**לויִזע.** (קוקט אַף אים אין פאַרלעגנהײַט.) הער פאָן־וואַלטער!

**פערדינאַנד.** (שטאַרק ביטער.) מײַן ערנוואָרט! אַ געשיקטסטער אײַנפאַל אין אַזאַ לאַגע. אונדזער אומאַנגענעמענעם דועט קאָנען מיר פאַרוואַנדלען אין אַ פאַרגעניגן, און מיט דער הילף פון קאָמפּלימענטן וועלן מיר זיך נויקעם זײַן פאַר די ליבע־קאַפּריזן.

**לויִזע.** איר זײַנט אַזוי אופגעלייגט, הער פאָן־וואַלטער!

**פערדינאַנד.** אויסערגעווײנלעך אופגעלייגט. אַזוי, אַז כ'וואָלט געקאָנט צונויפזאַמלען אַלע יאַטלעך פון גאַס! ניין!ווירקלעך, לויִזע! דײַן בײַשפּיל געפעלט מיר, דו ווערסט זײַן מײַן לערערן. בלויז טיפּשים רעדן וועגן אייביקער ליבע. שטענדיק איינס און דאָס זעלבע ווערט דאָך נימעס. אַן ענדערונג—דאָס גיט צו זאַלץ דעם פאַרגעניגן. יאָ, לויִזע, איך בין אײַנשטימיק. לאָמיר שפּרינגען פון איין ראָמאַן צום צווייטן, אַרײַנפאַלן פון איין שמוץ אין דער צווייטער... דו אַהער, איך אַהין. פיליײַכט וועט מײַן פאַרלוירענע רו זיך געפינען אין אָרט אין שאַנד־הויז. פיליײַכט, ווען מיר וועלן ענדיקן אונדזער פריילעכן געבייט, וועלן מיר זיך צו אונדזער אַלגעמיינער פרייד ווידער באַגעגענען — צוויי צעפוילטע סקעלעטן און לויט די בלוט־שטריכן, וואָס גיבן אויס אַ מוטער, ווי ס'קומט פאָר אין די קאָמעדיעס, וועלן מיר דערקענען איינס דאָס אַנדערע, און פיליײַכט וועט זיך דער שאַנד און די העסלעכקײַט צונויפגיסן אין איין האַרמאָניע, וואָס איז אוממעגלעך געווען פאַר דער ווײַטערדיקער ליבע.

**לויִזע.** פערדינאַנד! פערדינאַנד! ביסט אַזוי אויך אומגליקלעך, און פיליײַכט ווילסטו נאָך אַן אומגליק?

**פערדינאַנד.** (פאַרכידעשט, מורמלט דורך די ציין.) איך בין אומגליקלעך? ווער האָט עס דיר געזאָגט? אַליין ביסטו צו שלעכט, דו זאָלסט עס דערפילן... וויאַזוי קאָנסטו שעצן געפילן פון אַן אַנדערן? איך בין אומגליקלעך? אָ! דאָס וואָרט וואָלט פון קייווער מײַן צאָרן אַרויסגערופן! אַף מיר האָט געוואָרט אַן אומגליק—זי האָט עס געוווסט! טויט



און קלאָלע! זי האָט עס געוווסט און דאָך מיך פאַראַטן. זע, דו שלאַנג, דאָס איז געווען דײַן אײַנציקע רעכט אַף פאַרגעבונג! דײַן דערקלערונג פאַרורטיילט דיך צום טויט. ביז אַט דער מינוט האָב איך נאָך געקאָנט דײַן פאַרברעכן באַשיינען מיט נאַיִווקײַט, מײַן פאַראַכטונג האָט דיך שיר ניט געראַטעוועט פון נעקאָמע. (נעמט שנעל די גלאָז.) ביסטו, הייסט עס, געווען ניט לײַכטזיניק? נאַריש ביסטו אויך ניט געווען? דו ביסט געווען אַ טײַוול, אַט וואָס! (טרינקט.) דער לימאָנאַד איז פּונקט אַזוי אָן זאַלץ, ווי דײַן זעל—פאַרזוך!

**לויִזע.** אָ, גאָט! ניט אומזיסט האָב איך מוירע געהאַט פאַר אָט דעם שמועס!

**פערדינאַנד.** (באַפעלעריש.) פאַרזוך!

**לויִזע.** (נעמט ניטווילנדיק די גלאָז און טרינקט, ווי נאָר זי טראָגט צו די גלאָז צו די ליפּן, קערעוועט זיך פערדינאַנד אָפּ, ווערט בלאַס און גייט אָפּ אין ווײַטסטן ווינקל פון צימער.) גוטער לימאָנאַד!

**פערדינאַנד.** (ניט אויסקערעווענדיק זיך און ציטערנדיק) צו געזונט!

**לויִזע.** (שטעלט אוועק די גלאָז.) אָ, ווען איר זאָלט וויסן, וואַלטער, ווי איר באַליידיקט מײַן האַרץ!

**פערדינאַנד.** המ!

**לויִזע** ס'וועט זײַן אַ צײַט, וואַלטער!

**פערדינאַנד.** (גייט ווידער אַרויס פאָרויס.) אָ, וועגן צײַט איז שוין איצט ניטאָ וואָס צו ריידן.

**לויִזע.** ווען אײַך וועט שווער זײַן זיך דערמאַנען וועגן הײַנטיקן אָוונט.

**פערדינאַנד.** (הייבט אָן גיכער צו שפּאַנען, ווערט אומרויִק און וואַרפט אַראָפּ די רימענס און די שווערד.) אַ גוטע נאַכט, דו ערנדינסט!

**לויִזע.** אָ, גאָט, וואָס איז מיט אײַך?

**פערדינאַנד.** מיר איז ענג און הייס... איך וויל זיך עטוואָס באַקוועמער מאַכן.

**לויִזע.** טרינקט, טרינקט! דער לימאָנאַד וועט אײַך דערפרישן.

פ ע ר ד י נ א נ ד. פאַרשטייט זיך, די אויסגעלאָסענע איז גוטהאַרציק — דאָך אַלע זײַנען זיי אַזעלכע.

ל ו י ז ע. (מיט אַן אויסדרוק פון טיפער ליבע וואַרפט זי זיך צו אים, וויל אים אַרומנעמען.) און דאָס זאָגסטו וועגן דײַן לויזע, פערדינאַנד?

פ ע ר ד י נ א נ ד. (שטויסט זי אָפּ.) אַוועק, אַוועק! אַוועק מיט דײַנע צאַרטע, ליידנשאַפטלעכע בליקן. איך וועל עס ניט בײַשטיין. באַווײַז זיך אין דײַן שרעקלעכער העסלעכקײַט, שלאַנג דו! וואַרף זיך אָפּ מיר, דו וואָרעם! אַנטבלויז פֿאַר מיר דײַנע שרעקלעכע רינגען, הייב זיך אויף אַפֿן הימל אין דער גאַנצער העסלעכקײַט דײַנער, אין וועלכער ס'האָט דיך געזען דער גענעם! אָבער קום ניט אַלס מאַלעך! ס'איז שוין שפּעט, איך מוז דיך צעטרעטן, ווי אַ וואָרעם, אָדער אַרײַנפאַלן אין פאַרצווייפלונג. דערבאַרעם זיך איבער מיר!

ל ו י ז ע. אָ, צו וואָס ס'איז דערגאַנגען!

פ ע ר ד י נ א נ ד. (קוקט אויף איר פון אַ זײַט.) און דאָס איז די שיינע שאַפונג פון הימלשן סקולפּטאָר. ווער וועט עס גלייבן? ווער וועט עס גלייבן? (נעמט איר האַנט און הייבט זי אויף) איך וויל באַ דיר ניט אויספרעגן, דו שעפער! אָבער צוליב וואָס גיסט דו פאַנאַנדער סאַם אין אַזוינע שיינע געפעסן? צי דען קאָן דער פאַרברעכן זיך געפינען אין אָט דער צאַרטער הימלשער אויסערלעכקײַט? אומגעהייער!

ל ו י ז ע. אָ, הערן דאָס אַלץ און ניט וואַגן צו ריידן!

פ ע ר ד י נ א נ ד. און די דאָזיקע זיסע שטים... ווי קאָנען אַזוי האַרמאָניש קלינגען צעריסענע סטרונעס? (קוקט אויף איר פאַרגאַפט.) אַלץ איז אַזוי שיין... אַזוי האַרמאָניש... אַלץ איז אַזוי גט־לעך פאַרפולקומט! אויף אַלץ איז צו זען דעם שטעמפּל פון הימלשער שאַפונג. איך שווער באַ גאָט! די גאַנצע גרויסע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן ווי אַ צוגרייטונג צו אָט דעם וווּנדערבאַרן ווערק! און נאָר אויף דער זעל האָט זיך ניט אָפּגעשפּיגלט די דאָזיקע פאַרפולקומונג! צי דען איז עס מעגלעך, אַז דאָס דאָזיקע מיסגעבורט פון נאַטור זאָל קיין דעפעקטן ניט האָבן? (גייט גיך אָפּ פון לויזען.) און פּילײַכט האָט די נאַטור געזען, אַז פון אונטער



איר שטיכל גייט אַרויס אַ מאַלעך, און קעדיי פאַריכטן איר פעלער, האָט זי איר צוגעגעבן נאָך אַ מער שלעכט האַרץ?

ל ו י ז ע. אָ, דו פאַרברעכערישע אײַנגעשפאַרטקײַט! אָנשטאָט צו אַנערקענען זײַן אייגענעם טאָעס איז ער גרייט דעם הימל באַשולדיקן.

פ ע ר ד י נ א נ ד. (וואַרפט זיך איר אויפן האַלדז. מיט אַ ביטערן געוויין.) נאָך איין מאָל, ווי אין יענעם טאָג, ווען דו האָסט צום ערשטן מאָל מיך אַ קוש געטאָן, ווען דאָס וואָרט „דו" האָט זיך צום ערשטן מאָל אַראָפּגעריסן פון דײַנע ברענענדיקע ליפּן! אָ! ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער דאָזיקער אויגנבליק, ווי אַ קנאָספּ, פאַרמאָגט אין זיך זוימען פון אומענדלעכע ניט־אויסדריקלעכע פריידן. ווי אַ שיינער מײַ־טאָג איז די אייביקײַט געלעגן פאַר אונדזערע אויגן, די גאָלדענע יאָרהונדערטן האָבן פאַר אונדזער זעל געשווינדלט, ווי אַ פּרעכטיקע הײַראַט־קלייד... איך בין דעמלט גליקלעך געווען! אָ, לויזע! לויזע! פאַרוואָס האָסטו מיר עס געטאָן?

ל ו י ז ע. וויינט, וויינט, וואַלטער! אײַער טרויער וועט צו מיר גערעכטער זײַן, איידער אײַער צאָרן.

פ ע ר ד י נ א נ ד. דו האָסט אַ טאָעס, דאָס זײַנען ניט טרערן פון טרויער. דאָס איז ניט יענער וואַרעמער זיסער טוי, וואָס גיסט זיך, ווי אַ באַלזאַם, אויף די וווּנדן פון האַרצן און לעבט ווידער אויף דעם פאַרגליווערטן געפיל. די דאָזיקע עלנטע קאַלטע טראָפּנס — דאָס איז אַ ביטערער „זײַ־געזונט", וואָס איז געווענדעט צו מײַן ליבע. (מיט אַ גרויזאַמער פײַערלעכקײַט לייגט אַרויף זײַן האַנט אויף איר קאָפּ.) דאָס זײַנען טרערן וועגן דײַן זעל, לויזע! דאָס זײַנען טרערן וועגן דעם, וואָס גאָט האָט אויף דיר ניט אָנגעווענדעט זײַן אומענדלעכע באַרמהאַרציקײַט און אַז אין דיר קומט אום דאָס בעסטע פון זײַנע שאַפונגען! אָ! מיר דוכט זיך, די גאַנצע וועלט וואָלט זיך באַדאַרפט אָנטאָן אין טרויער־קליידער און פאַרגליווערט ווערן פון דעם, וואָס קומט פאָר באַ איר אין סאַמע מיט האַרצן. ס'איז קיין וווּנדער ניט, וואָס מענטשן פאַלן און פאַרלירן דעם גאַניידן — נאָר אַז די פּעסט פאַרדאַרבט די מלאָכים — ווי זאָל די גאַנצע נאַטור ניט הוילן?

ל ו י ז ע. דערפירט מיך ניט צו קיין עקסטרעמען, וואָלטער! איך האָב גענוג אינערלעכן קויעך, אָבער ער ווערט אויך ניט בײַשטײַן די אומענטש־לעכע פּײַניקונג. נאָך איין וואָרט, וואָלטער, און דערנאָך וועלן מיר זיך צעשיידן. א גרויזאמער גוירל האָט די שפּראַך פון אונדזערע הערצער צונויפגעמישט. ווען איך וואָלט געוואגט עפענען דאָס מויל, וואָלטער, וואָלט איך געקאָנט דיר זאָגג... איך וואָלט געקאָנט... אָבער א גרוי־זאמער גוירל האָט מיר געבונדן די צונג, ווי אויך מײַן ליבע, און איך מוז לײַדן, ווען דו ווענדעסט זיך צו מיר, ווי צו א גאסן־פרוי.

פ ע ר ד י נ א נ ד. פילסט זיך גוט, לויזע?

ל ו י ז ע. צוליב וואָס איז די פראגע?

פ ע ר ד י נ א נ ד. ס'וואָלט מיר זייער באַנק געטאָן, ווען דו וואָלסט פונדאנען אוועקגעגאנגען מיט א ליגן אף די ליפּן.

ל ו י ז ע. איך באַשווער דיך, וואָלטער!

פ ע ר ד י נ א נ ד. (אין גרויס אומרויִקײַט.) ניין! ניין! צו טײַוולאָניש וואָלט געווען די דאָזיקע נעקאָמע! ניין, גאָט באַהיט מיך! אין יענער וועלט וועל איך עס ניט אריבערטראָגן. לויזע! האָסטו ליב געהאַט דעם מארשאל? דו וועסט שוין ניט ארויסגיין פון דעם דאָזיקן צימער.

ל ו י ז ע. פרעגט, וואָס איר ווילט, איך וועל מער ניט ענטפערן. (זעצט זיך אוועק.)

פ ע ר ד י נ א נ ד. (ערנסטער.) זאָרג זיך וועגן דײַן אומשטערבלעכער נעשאָמע, לויזע! האָסטו ליב געהאַט דעם מארשאל? דו וועסט שוין מער פון דעם דאָזיקן צימער ניט ארויסגיין.

ל ו י ז ע. איך וועל מער גאָרנישט ניט ענטפערן.

פ ע ר ד י נ א נ ד. (שרעקלעך אופגערעגט און פאלט אף די קני לעבן איר.) לויזע, האָסטו ליב געהאַט דעם מארשאל? איידער דאָס דאָזיקע ליכט ווערט אויסברענען, וועסטו שטיין פאר גאָט!

ל ו י ז ע. (שפּרינגט אוף דערשראָקן.) גאָט מײַנער! וואָס איז עס? — ס'איז מיר מיטאמאָל געוואָרן אזוי ניט גוט!.. (זי לאָזט זיך ווידער אראָפּ אין פאָטעל.)



פ ע ר ד י נ א נ ד. שוין? איר, פרויען, ווערט פארבלײַבן אן אייביקע־רעטעניש. די צארטע נערוון אײַערע האלטן אויס די שרעקלעכע פאר־ברעכנס, וואָס רײַסן אונטער די וואָרצלען פון דער מענטשהײַט, און איין איינציקער גראן ארסעניק דערהארגעט זיי.

ל ו י ז ע. דער גיפט! דער גיפט! אָ, גאָט מײַנער!

פ ע ר ד י נ א נ ד. איך האָב מוירע, דער לימאָנאד איז, ווײַזט אויס, געווען געצוקערט אין גענעם. דו האָסט געטרונקען דײַן טויט.

ל ו י ז ע. שטארבן! שטארבן! גאָט דו בארמהערציקער! גיפט אין לימאָנאד — און שטארבן! אָ, דערבארעם זיך איבער מײַן נעשאָמע, בארמהערציקער גאָט!

פ ע ר ד י נ א נ ד. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, איך בעט אים אויך וועגן דעם!

ל ו י ז ע. און מײַן מוטער, מײַן פאָטער, דו — רעטער פון דער וועלט! מײַן אָרעמער פארלוירענער פאָטער! שוין־זשע איז ניטאָ מער קיין רעטונג? איך בין אזוי יונג, און עס איז ניטאָ קיין רעטונג! און איך דארף שוין שטארבן?

פ ע ר ד י נ א נ ד. ניטאָ קיין רעטונג. דו מוזסט שטארבן, אָבער זײַ רויִק! מיר וועלן מאכן די רײַזע צוזאמען.

ל ו י ז ע. פערדינאנד, אויך דו? גיפט! פערדינאנד! פון דיר! אָ, גאָט, פארצײַ עס אים! גנעדיקער גאָט, נעם אראָפּ פון אים די זינד!

פ ע ר ד י נ א נ ד. דו גיב א טראכט וועגן דײַנע זינד. דאָס, רעכן איך, וועט דיר ניט שאטן.

ל ו י ז ע. פערדינאנד! פערדינאנד! אָ, איצטער קאָן איך מער ניט שווײַגן... דער טויט... דער טויט נעמט פון אונדז אראָפּ אלע שבועס... פערדינאנד! הימל און ערד האָבן ניט געזען קיין אומגליקלעכערן פון דיר — איך שטארב אן אומשולדיקע, פערדינאנד!

פ ע ר ד י נ א נ ד. (דערשראָקן.) וואָס האָסטו געזאָגט? אז מע קלײַבט זיך אין אזא רײַזע, לײַגט מען ניט.

ל ו י ז ע. איך לײַג ניט, איך לײַג ניט! איך האָב נאָר איין מאָל גע־לײַגט פאר מײַן לעבן — אך! ס'ארא פיבער גייט מיר דורך אין די

אָדערן... נאָר איין מאָל געלײַגט, ווען איך האָב דעם בריוו צום האָפּמאַרשאַל געשריבן.

פּערדינאַנד. אַ! דער דאָזיקער בריוו! גאָט צו דאַנקען! איצט קערט זיך צו מיר אום מײַן גאַנצער מוט.

לויִזע. (איר צונג ווערט שווער, אירע פינגער הייבן אָן ציטערנדיק זיך באַוועגן.) דער דאָזיקער בריוו... נעם זיך אָן מיט מוט, דו זאָלסט דאָס שרעקלעכע וואָרט קאָנען הערן — מײַן האַנט האָט געשריבן, וואָס דאָס האַרץ מײַנס האָט געפלוכט. דײַן פאָטער האָט דעם בריוו דיקטירט.

פערדינאַנד. (שטייט פאַרגליווערט, ווי אַ סטאַטוע. אַ לאַנגע טויטע פּאַוזע. פּלוצעם פאַלט ער אַנידער, ווי אַ דונער וואָלט אים דערשלאָגן.)

לויִזע. אָ, אַ שרעקלעכע מיספאַרשטייעניש! פערדינאַנד! מע האָט מיך געצוווּנגען! פאַרגיב מיר. דײַן לויִזע וואָלט בעסער דעם טויט זיך אָנגעטאָן, אָבער מײַן פאָטער... די געפאַר... זיי האָבן עס פוקסיש אָפּגעמאַכט...

פערדינאַנד. (שפּרינגט אויף אין שרעק.) גאָט צו דאַנקען! איך פיל נאָך ניט דעם גיפט! (ער כאַפּט אַרויס די שווערד.)

לויִזע. (ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער.) אָ, ווײ! וואָס האָסטו פאַרכאַפּט! דאָס איז דײַן פאָטער.

פערדינאַנד. (מיט אַ טאָן פון שרעקלעכער ווילדקייט.) אַ מערדער און אַ פאָטער פון אַ מערדער! אַהין, ער מוז מיטגיין אַהין, אַז דער אייביקער ריכטער זאָל זײַן גאַנצן צאָרן אויסגיסן אויפן שולדיקן. (וויל גיין, באַמערקט אָבער איר לעצטע באַוועגונג און פאַלט אַנידער אין פאַרצווייפלונג לעבן דער טויטער.) וואַרט אויס! וואַרט אויס! פלי ניט אַוועק, דו מאַלעך פון הימל! (נעמט איר האַנט, נאָר לאָזט זי גלײַך ווידער פאַלן.) קאַלט, קאַלט און פײַכט! איר נעשאָמע איז שוין דאָרטן. (שפּרינגט ווידער אויף.) גאָט פון מײַן לויִזע! דערבאַרעם זיך, דערבאַרעם זיך איבער דעם ערגסטן פון די מערדער! (שווײַגט אַ ווײַלע.) אָבער וואָס איז עס? פאַרוואָס פיל איך גאָרנישט? צי דען וויל מיך די יוגנט־קראַפט ראַטעווען? אַן איבעריקע מי! דאָס וויל איך נישט! (כאַפּט די גלאָז.)



## לעצטע סצענע

פערדינאַנד, פּרעזידענט, וורם, דינער. אַלע לויפן אַרײַן אין שרעק. דערנאָך מילער מיט אַן אויל־עם מענטשן, מיט פּאָליציי, וואָס פאַרנעמען דעם הינטערגרונט.

פּרעזידענט. (מיטן בריוו אין דער האַנט.) זון מײַנער, וואָס הייסט עס? איך וויל מיר ניט גלייבן.

פערדינאַנד. (וואַרפט אים די גלאָז צו די פיס.) איז זע, דו מערדער!

פּרעזידענט. (טרעט אָפּ אין שרעק, אַלע זײַנען פאַרשטאַרט. אַ שרעקלעכע פּאַוזע.) מײַן זון, צוליב וואָס האָסטו עס געטאָן?

פערדינאַנד. (קוקט ניט אויף אים.) אָ, פאַרשטייט זיך! איך האָב פריִער באַדאַרפט געווען פרעגן באַם שטאַטסמאַן, צי ס'וועט אים צוליב זײַן קאַריער צונוץ קומען אָט די זאַך. ניטאָ וואָס צו זאָגן. שיין און וווּנדערבאַר האָט איר עס צוגעטראַכט צערײַסן דעם בונד פון אונדזערע הערצער דורך דער אייפערזוכט. די דאָזיקע רעכענונג האָט צונויפגעשטעלט אַ מײַסטער. ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס די אופגערעגטע ליבע האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דער דראָטענער פּרוזשינע, ווי אַ הילצערנע ליאַלקע!

פּרעזידענט. (קוקט זיך אַרום מיט אַ ווילדן בליק.) צי דען איז דאָ קיינער ניטאָ, ווער ס'זאָל זיך דערבאַרעמען איבער דעם טרייסטלאָזן פאָטער?

מילער. (הינטער דער סצענע.) לאָזט מיך אַרײַן! אום גאָטעס ווילן! לאָזט מיך!

פערדינאַנד. דאָס מיידל איז אַ הייליקע! פאַר איר זאָל זיך אַן אַנדערער נוקעם זײַן! (ער עפנט די טיר. ס'לויפט אַרײַן אַן אויל־עם מענטשן, פּאָליציי.)

מילער. (פול מיט שרעק.) מײַן קינד! מײַן קינד! גיפט... גיפט, האָט מען געזאָגט! מײַן טעכטערל, ווו ביסטו!

פערדינאַנד. (פירט אים צו צו לויִזעס טויטן קערפּער און ווײַזט אים אָן אויפן פּרעזידענט.) איך בין אומשולדיק, באַדאַנקט אים!

מילער. (פאַלט אַנידער אויפן דיל.) אָ, גאָט!

פערדינאנד. בלויז עטלעכע ווערטער, פאָטער! זיי הייבן אָן טײַער ווערן, די ווערטער. מײַן לעבן האָט מען בא מיר אפּן שווינדלערישסטן אויפן צוגעראבעוועט—ס'איז איר האָט עס צוגעראבעוועט! איך ציטער פאר גאָטס געריכט. נאָר קיין מערדער בין איך קיינמאָל ניט געווען. וואָס פאר א שטראָף ס'איז מיר אין דער אייביקײַט ניט אָנגעמערקט; זאָל זי אף אײַך ניט פאלן. אָבער איך בין באגאנגען א פארברעכן, (מיט א גרויזאמער שטים.) א פארברעכן, און דו ווייסט, אז ניט איך אליין וועל דערפאר אָפּגעבן רעכענונג דעם אייביקן ריכטער. איך גיב דיר פײַערלעך איבער די גרעסטע און די שרעקלעכסטע העלפט פון דעם דאָזיקן פארברעכן. צערעכן זיך פאר איר אליין, ווי דו פארשטייסט. (פירט אים צו לויִזען.) אהער, בארבאר! אהער, מערדער! פריי זיך מיט די שרעקלעכע פרוכטן פון דײַן שארפזין! אף דעם דאָזיקן געזיכט איז מיט טיפע שטריכן אויסגעקריצט דײַן נאָמען, און די מלאָכים—די רעטער וועלן עס איבערלייענען. זאָל די געשטאלט אירע צעעפענען אלע מאָל דעם פאָרהאנג בא דײַן בעט, ווען דו וועסט אײַנשלאָפן, און זאָל דיר דערלאנגען איר אײַז־קאלטע האנט—זאָל די דאָזיקע געשטאלט שטיין איבער דײַן נעשאָמע, ווען דו וועסט שטארבן, און זאָל זיך ארײַנרײַסן אין דײַן לעצטן געבעט... (די קרעפטן פארלאָזן אים, די דינער האלטן אים אונטער.)

פרעזידענט. (הייבט אוף אין פארצווייפלונג די הענט צום הימל.) ניט פון מיר, דו וועלט־ריכטער, ניט פון מיר זאָלסטו פאָדערן א רעכענונג פאר די דאָזיקע נעשאָמעס, נאָר פון אים! (גייט צו צו וורמען.)

וורם. (אופגעלעבט.) פון מיר?

פרעזידענט. פון דיר, פארפלוכטער! פון דיר, טײַוול! דו, דו, שלאנג, האָסט עס די אייצע געגעבן—אף דיר פאלט די פאראנטוואָרטלעכקײַט—איך וואש אָפּ די הענט.

וורם. אף מיר? (לאכט בייז.) אָט וויִאזוי! זייער ווויל! איצטער ווייס איך, יעדנפאלס, אף וואָס פאר א דאנקבארקײַט דער טײַוול איז פייִק. אף מיר, דו טעמפּער מערדער? איז עס דען מײַן זון? בין איך דען געווען דײַן האר? אף מיר פאלט די פאראנטוואָרטלעכקײַט? הא? יאָ, איך וועל זײַן פאראנטוואָרטלעך פאר אלץ, פון וואָס דער גאנצער מארך אין מײַנע ביינער איז פארקילט געוואָרן! און זאָל אף מיר פאלן די פאראנטוואָרטלעכקײַט! איצט וועל איך אומקומען, אָבער דו מיט מיר צוזאמען! היי, היי! רופט דעם קאראול פון די גאסן! וועקט אוף די פּאָליצײַ! פּאָליציי־לײַט, בינדט מיך! פירט מיך אוועק פונדאנען, איך וועל אנטדעקן אזעלכע געהיימניסן, אז די הויט וועט גרוילן בא דעם, ווער ס'וועט זיי הערן. (וויל גיין.)

פרעזידענט. (האלט אים אָפּ.) דולער! דו ווערסט דאָך נישט...

וורם. (קלאפּט אים איבערן אקסל.) איך וועל יאָ, פרײַנט! יאָ! איך בין, ווירקלעך, א דולער און וועל האנדלען, ווי א דולער. האנט בא האנט מיט דיר אין גענעם! מיר וועט עס אימפּאָנירן, וואָס איך בין צוזאמען מיט דיר פארורטיילט. (מע פירט אים אוועק.)

מילער. (וואָס איז די גאנצע צײַט געלעגן אין שטומען טרויער, דעם קאָפּ צוגעטוליעט צו לויִזעס ברוסט, שטייט מיטאמאָל אוף און ווארפט דעם טײַסטער צום מאַיאָרס פיס.) דו, גיפטמישער! נעם דיר צו דײַן פארפלוכט געלט! צי דען האָסטו געמיינט פאר דעם געלט קויפן מײַן קינד? (לויפט ארויס פון צימער.)

פערדינאנד. (מיט א געבראָכענער שטים.) גייט אים נאָך! ער איז אין פארצווייפלונג! היט פאר אים אָפּ דאָס געלט! דאָס איז מײַן שרעקלעכע דאנקבארקײַט... לויִזע! לויִזע!.. איך גיי... זײַט געזונט!.. לאָזט מיך שטארבן לעבן דער דאָזיקער הייליקײַט.

פרעזידענט. (קומט צו זיך פון דער טויט־פארגליווערונג, צום זון.) זון מײַנער! פערדינאנד! צי דען ווערסטו קיין קוק ניט טון אף דײַן צעבראָכענעם פאָטער? (מע לייגט אוועק דעם מאיאָר לעבן לויִזען.)

פערדינאנד. (דערלאנגט אים זײַן שטארבנדיקע האנט.)

פרעזידענט. (הייבט זיך גיך אוף.) ער האָט מיר פארגעבן. (צו די אייבעריקע.) איצט בין איך אײַער געפאנגענער. (ער גייט ארויס, די פּאָליצײַ נאָך אים. פאָרהאנג פאלט.)

———

Ціна 1 карб 40 к.
Папка 60 к.

ЄВРЕЙСЬКОЮ МОВОЮ

Ф. ШІЛЛЕР

# КОВАРСТВО ТА ЛЮБОВ




„УКРДЕРЖНАЦМЕНВИДАВ"